דאָס בוך איז אַ זאַמלונג פון שטימונגען און געדאַנקען, וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן אין פאַרלויף פון צוואַנציק יאָר. טיילן פון דעם בוך זיינען געווען געדרוקט אין פאַרשידענע צייטונגען און זשורנאַלן.

די מערסטע זאַכן זענען פאַרן בוך פילמאָל איבער־געאַרבעט געוואָרן. נאָר די פלעקן פון מיינע שרייבונגען האָב איך באַוואוסטזיניק נישט געוואָלט אָפּווישן. די ווידערשפּרוכן, וואָס רעפלעקטירן פאַרשידענע צייטן, אידייען און איבער־לעבונגען, האָב איך נישט געוואָלט אויסגלייכן. אַן קנייטשן האָט אַ פּנים נישט קיין כאַראַקטער. אָן אויפריכטיקע ווידערשפּרוכן איז אפשר נישט מעגלאַך קיין טיפער אמת . . אַ שרייבער דערקענט מען נישט בלויז פון זיינע מעלות, נאָר אויך פון זיינע חסרונות — — די חסרונות גיבן צו אַ באַזונדערן אינטערעס — ווי די שאָטנס פון די בלעטער, גיבן צו צויבער צו אַ בוים.

שיקאַגע, מאַי 1931.

# געליטערטע ווערטער

## דער מענטש

אין טויזנטער וואַסערן האָט ער זיך געוואַשן
און ער איז נאָך אַלץ נישט ריין.
מיליאָנען זונען האָבן אַף אים געלויכטן
און זיין האַרץ איז נאָך אַלץ פינצטער.
אין אַזויפיל פייערן האָט ער זיך געברענט
און זיין ווילן צו הייליקייט איז נאָך קאַלט ווי אַ ליגן.
די גרעסטע ליידן האָט ער דורכגעליטן
און איז נאָך אַלץ האַרט און טעמפּ צום צווייטן . .
אַזויפיל וואונדער האָט ער שוין דערפונדן —
נאָר זיך אַליין האָט ער נאָך נישט אַנטדעקט .
און וויפיל מאָל ער איז שוין געשטאָרבן —
ווייסט ער נאָך אַלץ נישט ווי אַזוי צו לעבן . .

## נאָר נישט ווערן רייך

איך וויל זיך אויסהיטן פון זיך אַליין. וויל נישט זיין קיין קנעכט פון איינגערעדטער גרויסקייט . . תמיד צו טראַכטן וועגן זיך, און מיין מויל זאָל לויבן וואָס איך אַליין טו — — וויל אויך נישט ווערן רייך און קריגן מאַכט — — און דורך רייכקייט און מאַכט פאַרלירן די מאַכט איבער זיך אַליין — — —

## ע כ ט ק י י ט

דער זין פון דעם נביא'ס לעבן איז אָפּצוהיטן היילקייט אַף דער וועלט. ווען דער נביא זינדיקט, קען ער נישט זיין קיין נביא אַפילו אין אַ פרעמד לאַנד — — ווען ער היט אָפּ היילקייט, קען ער זיין אַ נביא אַפילו אין זיין אייגן הויז — — —

## ז ע ל ב ס ט ש ט ר אָ ף

דעם רשע'ס זינד ווערן פון קיינעם נישט געוואויגן. דעם צדיק'ס זינד ווערן געוויגט יעדן טאָג אַף אַ נייער וואָג. דעם רשע'ס זינד ווערן באַשטראָפט פון אַנדערע — — דער צדיק ווערט באַ-שטראָפט פון זיך אַליין — — —

## די אייביקע מאָס

דאָס לעבן גלייכט אויס דעם גוטן מיטן שלעכטן. רייכטום און מאַכט שאַפט אַ פאַלשע מאָס צו מעסטן וועלכער מענטש האָט אַ ווערט. אויך דאָס שטאַרבן גלייכט אויס מיט גלייכן נישט זיין — — נאָר דער טויט, וואָס מאַכט מענטשן אַף אייביק אומשטערבלאַך . . ער דערפירט צו יענער מאָס, וואָס ווייזט ווער ס'איז גרויס און ווער ס'איז קליין — — —

## מער ווי זינד

נישט בלויז מיט די הענט באַגייט מען רויב — מען גנב'עט אויך מיט די אויגן — — מען מערדערט נישט נאָר ווען מען דער־הרג'עט יענעמס גוף — אַ מערדער איז אויך דער, וואָס טויט יענעמס גייסט — — נישט בלויז ברייינגט מען אומגליק, ווען מען צינדט אונטער יענעמס הויז — מען נעמט צו די פֿרייד . . ווען מען לעשט אויס יענעמס הייליקייט — — —

## צווישנמענטש

צווישן מענטש און מענטש איז דער סוד פֿון דער וועלט. צווישן מענטש און מענטש איז דער צער פֿון דער וועלט. צווישן מענטש און מענטש איז די פֿרייד פֿון דער וועלט. צווישן מענטש און מענטש איז די דערלייזונג פֿון דער וועלט — —

## דאָס קרייציקן פֿון דעם איך

בין איך געקומען צו מענטשן אַ הייליקער — האָבן זיי מיך זינדיק באַגעגנט און מיך צענישט געמאַכט מיט זייער זינדיקייט. בין איך געקומען צו מענטשן אַ זינדיקער — האָבן זיי מיך מיט ליבע באַגעגנט און מיך דערהויבן מיט זייער הייליקייט — —

## וועכטער

אַלץ וואָס דו זאַמלסט און שאַפֿסט, קענסטו נישט האַלטן פֿאַר זיך. די צייט, די באַלעבאַסטע פֿון אַלע אוצרות אין דער וועלט, האָט דיך געמאַכט פֿאַר אַ שומר — בלויז אַף אַ פּאָר בלענדיקע מינוטן — — באַלד וועט זי דיך צוריקרופֿן און אַוועקשטעלן אַן אַנדער שומר אַף דיין אָרט און דו וועסט ווידער ווערן ווי געאָרנישט אין דעם גרויסן סוד . . וואָס מען רופֿט אַלץ — — —

## שטילער צער

די רויז אַפן פעלד וואָס האַלט באַם וויאַנען. דער בוים וואָס קען מער נישט אויפבליען, דער שמעטערלינג, ווען ער דערפילט, די פליגל קענען אים מער נישט טראָגן — די פרוי וואָס דערזעט די קאַרבן פון דער צייט אַף איר פּנים — זייער אַלעמענס שטילער צער דערגרייכט צו מיר מיט געבעט: מיר ווילן נישט אויפהערן לעבן — — —

## די שוואַכע בריק

אונטער אונז שוואַרצט זיך אַן אָפּגרונט, נאָר קיינער זעט אים נישט, חוץ דו — באַשעפער פון אַלץ וואָס לעבט און שטאַרבט.
איבער דעם אָפּגרונט הייגנט אַ בריק:
דער וועג צו די שעה'ן פון אונזער לעבן. די בריק וויגט זיך, מיר וויגן זיך מיט, און היטן זיך נישט צו פאַלן רעכטס, אָדער לינקס.
ווי געניטע שטריקטענצער באַלאַנסירן מיר אונזערע טריט. און אין האַרצן קלאַפּט אַ שרעק:
ווי לאַנג וועלן מיר זיך נאָך האַלטן ?

## וואונדער

דער ים איז גרויס און וועקט דאָס געפיל פון וואונדער. נאָר ווי נאָך מער וואונדערלאַך וואָלט געווען, ווען דער ים עפנט זיין מויל און דערציילט די סודות פון זיינע טיפעניש ? און ווען דו זעסט אַ מענטש, וואָס איז אַזוי פיל קלענער ווי דער ים, עפנט זיין מויל און דערציילט פון דעם וואָס קומט פאָר אין דער טיפעניש פון זיין האַרץ — איז דאָס ניט אַ גרויס וואונדער ? ?

## אייביקייט

דאָס זיין גייט אַפּן וועג פון פאַרגיין . . און דאָס פאַרגיין אַליין איז אייביק — אַן אייביק פאַרגיין — און איר וואָס לעבט און פילט דעם פולס פון זיין, דאַרפט נישט ווערן טרויעריק פון דעם געדאַנק פון פאַרגיין — פרייען דאַרפט איר זיך, וואָס איר קענט האַלטן דעם בוך אין האַנט און זיך וואונדערן איבער דעם געדאַנק, וואָס פירט אייך דורך דעם טויער פון פאַרגיין . . צו דער פרייד פון אייביקייט — —

## דער שפּיגל פון אַלע שפּיגלען

איך בין אַ שפּיגל, וואָס שפּיגלט אָפּ אַלע וואונדער פון דער וועלט. ווען דער האַר פון צופאַל וועט מיך אַרויסלאָזן פון זיינע הענט, וועט דער שפּיגל צוזאַמען מיט אַלע וואונדער צעפּיצלט ווערן אַף שטויב — — און איך וועל ווערן ווי אַ מעשה וואָס איז נישט געשען — כ׳וועל אַוועק צום גרויסן גאָרנישט — און צוריק ווערן אַלץ — — ווי איך וואָלט קיינמאָל נישט דאָ געוועזן — — —

## נישט מיין שפּיל

אַפילו אַז מיין לעבן איז נישט ווי איך האָב געוואָלט עס זאָל זיין — האָב איך אויך גאָר נישט פאַרשפּילט . ווייל איך האָב קיין זאַך נישט געהאַט איינצושטעלן אין קאָן. געשפּילט האָט ע ר דורך מיר און איינגעשטעלט מיין לעבן, וואָס ער האָט מיר געגעבן — — איך אַליין האָב גאָרנישט פאַרמאָגט. אויב איך האָב פאַרשפּילט — האָט ער פאַרלוירן . . ווייל איך האָב מיט מיין אייגענעם ווילן אַפילו שפּילן נישט געקענט — —

## טויט

א סך חכמים האָבן זיך געראַנגלט מיטן געדאַנק פון טויט —
פון מאַרק אורעל ביז וואָלט וויטמאַן. נאָר זיי ווייסן וועגן טויט,
פונקט וויפיל זיי ווייסן וועגן גאָט — — און וואָס זיי פילן
בלינדערהייט, קענען זיי נישט פאַרטרויען צו קיינעם — —
אויך מיר האָט דער שאָטן פון טויט פאַרטונקלט פיל טעג און
יאָרן — —
בייז און בלינד איז דער טויט — וואַנזיניק לויפט ער אַרום
איבער דער וועלט און צעשטערט אַלץ וואָס מיר שאַפן — —
גאָט אַליין האָט אפשר נישט קיין האַפט מיט אַלץ וואָס ער
באַשאַפט . . איבער דער קראַפט פון טויט — — בלויז דער
האַר פון צער טרייסט און דערלייזט איבערן טויט — — —

## ווערטער

ווערטער קען מען נישט אייביק נאַרן, מען קען זיי נאָר קרייציקן
ווי מען האָט געקרייציקט אונזער מאַרטירער ברודער, וואָס
איז פאַר פרעמדע געוואָרן אַ גאָט — —
ווערטער זיינען ווי דורשטיקע געטער, זיי האָבן ליב מענטשלאַכע
קרבנות — גיט מען זיי צו טרינקען דעם וויין פון האַרץ —
לעבן זיי אייביק און פירן די וועלט — —
לאָזט מען זיי דורשטיק און ליידיק, שטאַרבן זיי ווי ליגנער און
שווינדלער — עס בלייבט פון זיי בלויז אַ פוסטער קלאַנג — —

## דער סוד פון שלעכטץ

איר אַלע וואָס פרעגט דעם זין פון לעבן — האָט איר אַמאָל
געפרעגט: וואָס איז דער זין פון טויט ? איר אַלע וואָס זאָגט,
די וועלט האָט מער שלעכטץ ווי גוטץ — האָט איר אַמאָל גע־
פרעגט: וואָס איז דער זין פון שלעכטץ ? דאָס גוטע האָט אַ
זין, עס העלפט אונז לעבן אין דער נאָך נישט פאַרענדיקטער
וועלט — אָבער דאָס שלעכטע (קאַמף, אַנטוישונג, אַלטקייט
און עלנט) האָט אויך אַ זין: עס העלפט אונז לייכטער שלום
מאַכן מיטן געדאַנק פון טויט — ווייל ווי שרעקלאַך וואָלט
געווען צו שטאַרבן, ווען עס וואָלט נישט געווען קיין אומגליק,
קראַנקייט און דער שרעק פאַרן טויט, וואָס שוועבט אייביק
איבערן לעבן — — —

# די וועלט און יענע וועלט

## א

אַז מיר וועלן שוין גלויבן אין יענער וועלט ? קענען מיר וויסן צי דאָרט איז נישט ערגער ווי אַף דער וועלט ? איז דאָרט שלעכט — איז דאָס שלעכטע אייביק . . גוט ? איז דאָס גוטע אייביק . . ווי אַזוי וועלן מיר דאָס אויסהאַלטן ? אַז אייביק גוט איז אַזוי נישט גוט ווי אייביק שלעכט — — —

## ב

נאָך וואָס וועלן לעבן אַף יענער וועלט ? אַז מיר האָבן נאָך דאָס לעבן אַף דער וועלט נישט אַנטדעקט — — נאָך וואָס זוכן אַ טרייסט פאַרן שטאַרבן ? אַז מיר האָבן נאָך פאַרן לעבן קיין טרייסט נישט געפונען — — וואָס טויגן די מעשות פון אַ לעבן נאָכן טויט ? אַז מיר קענען נאָך דאָס לעבן לייטיש נישט אויסלעבן — — —

# אומזין

איך האָב דערקענט דעם פּאַטאַלן אומזין. דער אומזין גייט אַף אַלע וועגן. אַלע טירן זיינען פּאַר אים אָפן. אַלע טעמפּלען זיינען פּאַר אים פריי. דער אומזין האָט קוואַלן פון סם, וואָס פליסן אין אַלע טיפענישן. זיין שווערד שעכט דורך אַלע היילי־קייטן. זיינע פיילן טרעפן אין טיפע וואונדן.

טויזנטער טרעף האָט דער אומזין צום מענטשלאַכן האַרץ. בלויז אַ שמאָלער לייטער פירט צום מענטשלאַכן זין — — —

# שמינק

היט זיך פאַר די וואָסריידן אַלעמאָל פון ליבע — אין האַרצן האָבן זיי קיינעם נישט ליב . . זיי נוצן די ליבע בלויז פאַר אַ שייד צו דער שווערד פון האַס — —

היט זיך פאַר די וואָס פאַראַדירן אַלעמאָל מיטן אמת — זיי נוצן דעם אמת פאַר אַ קוליע אונטערצוהאַלטן זייער אויסגע־לינקטען ליגן . . היט זיך פאַר די וואָס פלאַפלען אַלעמאָל פון דערלייזונג — זיי זיינען בלויז אויסן צו לייזן . . און אייך צו דערלייזן פון אַ ביסל פאַרדינטע פרייד — — —

## ז י נ ד י ק

די אַלע וואָס זוכן גאָט, זיינען אָרעם אין הייליקייט . . בוימער זוכן נישט גאָט, זיי פילן זיך נישט זינדיק — זיי ציען זיך צום הימל צו קריגן וואָס מער זון — — פויגל זוכן נישט גאָט, זיי שפּילן אויס זייער ליבע און עקסטאַז דורך געזאַנג — — בינען דאַרפן נישט גאָט, זיי זיינען אַליין קרעאַטיוו, שאַפן זיי האָניק און האָבן הנאה פון זייער מי — מענטשן זוכן גאָט, ווייל זיי זיינען קראַנק און זינדיק — —

## מען טאָר נישט ווי טאָן קיין מענטשן

אין איין מענטשן זיינען פאַרבאָרגן אַ סך מענטשן — אין אים לעבן מיליאָנען נשמות וואָס האָבן געלעבט פאַר אים . . אויב דו טוסט ווי איין מענטשן, רירסטו אָן מיליאָנען אַמאָליקע נשמות . . און יעדע איינע פון זיי טוסטו ווי — — זיי פאַרזינדיקט מיט מענטשן ! ווייל ווען דו ביסט מצער איין מענטשן — באַליי־דיקסטו דורך אים פיל פאַרגאַנגענע דורות — — — —

## פ ר י י ד

גיט די מענטשן פרייד. פרייד וועט זיי אויסהיילן פון אַלע זינד. צופיל האָבן די מענטשן זיך פאַרצערט פון צער . . דורך דער־הויבענער פרייד וועט אַ נייע שיינקייט געבוירן ווערן. נישט דורך טרויער קען דער מענטש זיך דערהויבן צו הייליקייט. אביסל צער וועקט די נשמה צו נייעם באַהעפט. צופיל צער עסט אויף דאָס האַרץ ביז סבלייבט אין דעם איך אַ מדבר — —

נישט דורך דעם ציטער פון צער וועט דער מענטש ווערן אויס־געהיילט פון שלעכטיז. ד ו ר ך ג ע ל י י ט ע ר ט ע ר פ ר י י ד ו ו ע ט ו ו ע ר ן ד ע ר ל י י ז ט ד י ג א נ צ ע ו ו ע ל ט — —

# נאַקעטע ווערטער

מיט נאַקעטע ווערטער אויסשטעלן דעם צער . .
אַן שאַנד אויפדעקן ס׳גיהנום פון האַרץ.
דורך אַנטפּלעקן פאַרטיפן . .
דורך דערהויבן דערלייזן.
ווער ווייס וואָס איז בייַנקשאַפט ?
אין דער טיף רעדט יעדער אַן אַנדער שפּראַך . .
ווער ווייסט וואָס רייסט זיך אין דיר און וויל דיך צערייסן ?
רייסט זיך אין דיר דאָס נישט געבוירענע ?
נישט אין טויטן דעם ווילן לעבט די טוגנד —
נאָר אין אויסלעבן יעדן געזונטן פאַרלאַנג.
נישט אין בייַנקשאַפט נאָך שיינקייט בליט די פרייד —
אין דערפילן דעם שטאַרקן פאַרלאַנג רייפט די פרייד.
נישט אין ווילן צו זיין געלייטערט וואַכט די הייליקייט —
נאָר אין דער רו נאָך טיפער פרייד שווייגט די הייליקייט.
נישט נאָר זאַט זיין מאַכט מענטשן גראָב און זינדיק —
הונגער נאָך ליבע און פרייד פירט צו קריינק און זינד.
געבייַנקט האָסטו נאָך וואָרער שיינקייט —
געגעבן האָט מען דיר געפאַרבטן שטויב.
געגאַרט האָסטו נאָך גאַנצער ליבע —
געשייַנקט האָט מען דיר ברעקלאַך זינד.
און איז די ליבע מיט זינד באַפלעקט —
ווי קען דאָס לעבן זיין ריין ?
און איז דאָס הייליקע מיט אומזין פאַרדעקט —
ווי קען דער מענטש זיין שיין ?

# דער צעטומלטער קאַראַוואַן

## אין מדבר פון דער וועלט

אין צייטן פון צווייפל און צער — ווען זאָלן מיר גלויבן ?
אַז דאָס מויל פון אונזער נביא איז אויך אַ נעסט פון ליגן — —

אין צייטן פון קריג און כאַאָס — ווען זאָלן מיר הערן ? אַז די וואָס שרייען אוים דעם אמת, זיינען טויב פאַר זייער אייגענער שטים — —

אין צייטן פון פאַרלוירנקייט און וואַנזין — ווען זאָלן מיר זיך פאַרטרויען ? אַז די וואָס ווילן אונז דערהויבן — ציען זייערע הענט פון אַ ווערימדיקן גרוב — —

## פאַרשטעלטע

וואָס קען מען טאָן, אַז מען לעבט צווישן אַזוינע — וואָס פאַר־שטעלן זיך פאַר מענטשן .. און זייערע ווערטער זיינען ווילדער ווי די ווינטן . . און זיי שעלטן ווען זייערע ליפן בענטשן ?

וואָס קען מען טאָן, אַז מען ווערט אַריינגעשרויפט אין אַ קרייז פון אַזוינע — וואָס ריידן ווי טויבן און טוען ווי טיגער . . און תמיד זיינען זיי איבער אַלעמען די זיגער ?

## ק י ן

וואָס טויג אונז דאָס געזאַנג פון העלדישן זיג ? אַז די הענט פון די זיגער זיינען באַפלעקט מיטן בלוט פון באַזיגטע — —

וואָס האָבן מיר פון די צופיל געגרויסטע, באַרימטע ? אַז זייער גרויסקייט דערגרייכן זיי — דורך דערשטיקן די פרייד פון די שטילע און באַשיידענע — —

ווער געניסט פון דעם געווינס פון די צופיל דערפאָלגרייכע ? אַז צו זייער דערפאָלג קלעטערן זיי אַף אַ לייטער פון צעטראָטענע.

ווען אייביק זיין זיגער און באַזיגטע ? וועט זיך אייביק הויבן קין׳ס שטאַרקע האַנט אַף זיין שוואַכן ברודער ? און אַז זיין שוואַכער ברודער וועט ווערן שטאַרק — וועט ער ווידער הויבן זיין האַנט ווי קין ?

וועט דער מענטש אַמאָל באַשאַפן אַ לויטערן שפּיגל פאַר זיין אייגענעם איך ?

## אין אומעטום

אין לאַנד פון אומעטום, קריגן ברויט, די וואָס פאַרדינען שטיינער. די וואָס פאַרדינען וויין קריגן סם. די וואָס קומט כבוד ווערן פאַרשעמט, די וואָס פאַרשעמען אַנדערע — קריגן כבוד אין דעם גרעסטן לוין.

אין דעם לאַנד פון אומעטום, זיינען בלינדע די פירער פון די פירער — די וואָס דאַרפן פירן ווערן פאַרשפאַרט אין אַ פרייער תפיסה — —

אין דעם לאַנד פון אומעטום, איז דער אמת פאַרוקט אין אַן איינגן ווינקל און שקר וואוינט אין רייכע פאַלאַצן. חוצפה איז צעלייגט אַף אַלע טישן . . און שטילע חכמים ווערן געמאַכט צום נאַר — — עכטע וויזיאָנערן ווערן פאַרשטויסן, און כיטרע דעמאַגאָגן ווערן רעקלאַמירט פאַר נייע נביאים — —

אין דעם לאַנד פון אומעטום, זיינען פרומע — ליגנער און פאַר־ברעכער . . און די אָנגעקלאָגטע זיינען אומשולדיק און ריין. אין דעם לאַנד פון אומעטום זיינען ווערטער זיידענע טליתים צו פאַרהילן אומזין און ליגן — — — —

## צו אונזערע בויער

קיין זאַך וועט נישט העלפן. אַלצדינג וואָס איר האָט געבויט, וועט שפּעטער צעשטורמען דער ווינט. אייער אייגן קינד וועט אייך פאַרגעסן. אייערע ספרים וועלן צעפרעסן די ווערים . . אַנדערע וועלן גיין אַף אייערע בריקן. אַף די טורמס פון אייערע גליקן וועלן פרעמדע שטייגן . . האָט איר געשטעלט פאַר אַ צייכן אַ שטיין, וועט ער נישט בלייבן דאָרט — וויל וואו איר האָט אים געשטעלט, איז נישט אייער אָרט — — אייער איז וואו אַלע ערטער הערן אויף צו זיין . . דאָרט וועט איר בלייבן דער סוד פון אייביקן געבורט און אייביקן פאַרגיין . . און פאַר דער פינצטערניש אַ העלער שיין — — —

## אַלע זיינען ריכטער

אַלע זיינען ריכטער און אַלע זיינען פאַראַנטוואָרטלעך. האָט אַ זינגער געוואָלט אויסזינגען די שיינקייט פון דער וועלט, האָט אַ טויבער געזאָגט: זיין שטים איז פאַלש — ווייל קיינער נישט הערן זיין געזאַנג. . האָט אַ וויזיאָנער געוואָלט ווייזן דעם אמת אינם העלסטן ליכט, האָט אַ בלינדער געזאָגט: ער האָט פאַרבלענדטע אויגן — ווייל קיינער נישט זען זיין אמת . . האָט אַ פירער געוואָלט די מענטשן צופירן צו די קוואַלן פון הייליקייט, האָט אַ פאַרפירער געזאָגט: ער איז אַליין אַ זינדיקער — ווייל קיינער נישט נאָכגיין זיינע טריט — — איז איינער צו מיר געקומען און געזאָגט: איך בין אַ נייער נביא ! האָב איך געטראַכט: ער איז אַ נייער נאַר — —

אַזוי משפּטן מיר איינע די אַנדערע . . ווי מיר וואָלטן געווען אייביקע פאַרברעכער — — —

## שלעכטע היטער

איך האָב געזען היטער האָבן געהאַלטן שליסלען צו די אוצרות פון לעבן און האָבן מיט זיי אויפגעשלאָסן די טויערן פון נויט און טויט. האָב געזען היטער האָבן געהאַט דאָס ליכט פון דער וועלט . . און קיינעם נישט צוגעלאָזט צו דער ליכטיקייט — דורך זייער אייגענער פינצטערניש.

האָב געזען היטער האָבן געהאַט מתנות פאַר דער גאַנצער וועלט, נאָר זיי האָבן די מתנות פאַרברענט . . און זיינען געוואָרן וועכטער פון דעם פאַרהייליקטן אַש — — —

## גייסטיקע זיפּן

אַ געזאַנג צו די נאַראָנים ! ווען נישט זייערע נאַאיווע אויערן און גוטמוטיק גאַפנדיקע אויגן — פאַר וועמען וואָלטן די חכמים געשפּילט זייער קאָמעדיע פון שאַרפזין און אילוזיע ?

ווען נישט די געדולדיקע נאַראָנים, וואָלט די חכמים איינע די אַנדערע זיך די צינגער אָפּגעביסן, די הערצער זיך פאַרסם'ט. אַ געזאַנג צו די נאַראָנים ! זיי זיינען די אייביקע זיפּן, וואָס לייטערן דורך די קלוגשאַפט און רשעות פון די חכמים — —

## אָן אַן אויג אַף זיך

יעדן טאָגריידן די נאַראָנים — זיי ריידן מיט אַן אָנשטעל ווי חכמים — — זיינען זיכער זיי זאָגן חכמה — — האָבן הנאה פון די אייגענע רייד — — האַלטן זיך פאַר די נביאים פון דור . .

די אמתע חכמים זיצן אין אַ ווינקל, קוקן מיט מידע אויגן . . שווייגן שטיל און באַשיידן — — אַמאָל באַווייזט זיך אַ דינער שמייכל אַף זייערע ליפּן און ווען זיי זאָגן אַרויס אַ פּאָר ווארע ווערטער . . קייכן די נאַראָנים פון געלעכטער — — אַ סך לאַכן מיט זיי מיט . . און ווייניק ווייסן: וועלכע זיינען די אמתע חכמים און וועלכע — די נאַראָנים — — —

## צו אומאויפריכטיקע דיכטער

בין מיד פון אייערע אויסגעטראַכטע שיינקייטן, פון די ליידיקע ווערטער. ווען איר זאָגט זון — ווערט נישט ליכטיק . . בלויז אַ זילב אויסצופילן אַ שורה — — אייערע שטערן זיינען נישט דעם הימלס אויגן וואָס ליכטיקן באַנאַכט — זיי זיינען פון ווערטער בלויז געמאַכט — — אין אייער הימל קען מען נישט גלויבן — איר האָט זיך מיט קיין תפילה צום הימל נישט דער־הויבן . . ווען איר זינגט פון דער ערד הערט מען נישט אירע וואונדער . . דער ווינט פליט בײַ אייך נישט אַף די וועגן און ברענגט נישט פרישע דופטן פון די לופטן — דער שטורם איז בײַ אייך רואיק צו באַשיינען אַ פערז . . דער ים איז בײַ אייך שטיל . . די רויזן שמעקן נישט — אויך די ליבע איז בײַ אייך אַן געפיל — —

אומאויפריכטיקע דיכטער ! איך קען נישט גלויבן אין אייערע אויסגעווארטלטע שיינקייטן . . ווייל איר אַליין גלויבט נישט אין זיי — — זינגט מיטן ריטם פון אייער האַרץ . . וועל איך גלויבן אין אייער געזאַנג — — —

# די שיינע וועלט

די וועלט איז פאַר מיר נישט געווען קיין היים, נאָר אַ מאַרק פלאַץ פאַר הענדלער און שווינדלער — יעדער איינער האָט געוואָלט פאַרקויפן וואָס טייערער און קויפן וואָס ביליגער — — אַלע האָבן זיך געקריגט און געדונגען, געוואָלט איינער באַם אַנדערן אויסנאַרן, ווער מיט ליגן, ווער מיט חכמה, דאָס ביסל פאַרגעניגן — — — ווי שאָטנס האָבן זיך געשאַרט גנבים, גענומען וואָס זייערע לאַנגע הענט האָבן געקענט דערגרייכן, און פאַרשוואונדן ווי טכוירן — אַרומגעבלאָנקעט זהאָבן היפאָ־קריטן, מיט אָנגעשטעלטע פרומע מינעס, פאַרקויפט באַפרייאונג און דערלייזונג פאַר די ביליגסטע פרייזן — — די איינציקע ערלאַכע לייט זיינען געווען די מערדער — זיי האָבן מיט אַ מעסער, צי מיט אַ קויל, גיך דעם קרבן באַפרייט פון פיין. צווישן די הענדלער און היפאָקריטן האָבן זיך געפלאָנטערט נקבות, פרייע און פאַרקויפטע, וואָס האָבן געטיילט מתנות, גיפט און משוגעת — — אין צענטער זיינען געשטאַנען דריי הייליקע טעמפלען: אַ שפיטאָל, אַ משוגעים הויז און אַ תפיסה. נאָכן האַנדל איז יעדער איינער אַריין אין איינעם פון די טעמפ־לען — —

די וועלט איז פאַר מיר נישט געווען אַ היים, נאָר אַ מאַרק פלאַץ, אַ שפיטאָל, אַ משוגעים הויז — אַ תפיסה.

# ג ע ז ע ץ

וויפיל איר זאָלט מיך נישט פאַראורטיילן, בלייב איך אַלץ אומ־שולדיק און פריי — — איך האָב פאַרניינט אייערע געזעצן און פאַר זיך אַליין געשאַפן אַ ניי געזעץ — — האָב קיינמאָל נישט געהאַט קיין טעם אין אייער איינגהאַרציק רעכט — דער גיפט פון אייער אומרעכט ברענט אין מיין בלוט — — האָב נישט ליב געהאַט די וואָגשאָל פון אייער גוט און שלעכט. וואָס באַ אייך איז רעכט — איז באַ מיר אויסגעפוצטער אומזין . . וואָס איר רופט שלעכט — איז אַ וועג צו אַ נייער זעאונג . . אייך האָבן גאָרנישט געקאָסט מיינע נייע וועגן — — אויס־פרובירט האָב איך זיי אָפן חשבון פון מיינע צער'ן און געפאַרן. האָבן זיי דערפירט צו אַן אָפגרונט — איז מיין איך געזונקען — קיינער האָט מיר אין דער טיף נישט אויסגעשטרעקט קיין האַנט. האָב באַ אייך נישט געפונען קיין דערלייזונג — — —

## דער שומר

נישט דער טייוול — מענטשן זיינען צו מיר געקומען און געזאָגט:

פאַרקויף אונז דיין נשמה — — מיר וועלן דיך גוט באַלוינען. אויב דו דאַרפסט אַ הויז, וועלן מיר דיר בויען אַ פּאַלאַץ — ווילסטו ערגעץ רייזן, וועלן מיר זיך איינשפּאַנען פאַר דיר — ווילסטו שרייען צו דער וועלט, וועלן מיר ווערן דיין קול — ווילסטו געבן קלעפּ, וועלן מיר דיר העלפן מיט אונזערע פויסטן.

האָב איך זיי געענטפערט:

איך דאַרף נישט קיין פּאַלאַצן, פאַר מיר איז גענוג אַ שטילער ווינקל — איך דאַרף אין ערגעץ נישט רייזן, ווייל אומעטום איז דער זעלבער אומזין — צו דער וועלט וויל איך נישט שרייען, ווייל מיט הייליקייט קומט מען אין דער שטיל — קלעפּ וויל איך אָפּשאַפן אַן קלעפּ — און די נשמה היט איך פון קרעמער . .

## דער עכטער מענטש

באַם טיש מיט די קאָלעגן, וויצלענדיק און לאַכנדיק — איז ער אַ פרייליכער מענטש. אַף דער בינע, מיט קלינגענדיקע רייד וועגן אמת און דערלייזונג — איז ער אַ שטאַרקער מענטש. באַם שרייב־טיש מיט ביכער און מאַנוסקריפּטן איבער יושר און שיין זיין — איז ער אַ גרויסער מענטש.

נאָר נישט דאָס איז דער מענטש. איר זעט בלויז דעם קלוג־נאַרישן שוישפּילער וואָס שפּילט אוים פאַר אייך פאַרשידענע פיין רעזשיסירטע ראָלן — — דער עכטער מענטש איז דער . . ווען ער ליגט באַנאַכט אַפן געלעגער צונויפגעדרייט און טראַכט:

ווי קליין און אומבאַהאָלפן בין איך אין דער גרויסער שטאַרקער וועלט — — און ווי לאַנג וועט נעמען ביז איך וועל פאַרגיין אין דעם גרויסן וואונדער פון אַלע וואונדער ? — — —

## רעקלאַמע

בוקט זיך נישט צו אייערע געטער. זיי זיינען נישט אַזוי גרויס ווי אייער גלויבן. אייער פאַרגעטערן האָט זיי פאַר געטער געמאַכט — — זייערע אויסגעצויגענע שאָטנס זיינען גרעסער ווי זיי אַליין . . דאָס האָבן די ביאָגראַפן אויסגעצויגן זייערע שאָטנפיגורן איבער דער וועלט און זיי הערשן איבער אייך — דורך רעקלאַמע ווערט געבוירן די אילוזיע פון גרויסקייט . . אין אמתן איז קיין מענטש נישט גרויס — מעג ער שרייבן די בעסטע פּאָעזיע. האַפיז, שעקספּיר, היינע און רב נחמן בראַסלאַווער זיינען געווען טראַגיש שטאַרבלאַכע . . כאָטש זיי האָבן געפלאַמט מיט פייער פון אייביקייט — — אַמאָל זיינע בלויז די געטער געווען גרויס — — היינט גרויסן זיך קליינע מענטשן . . דורך רעקלאַמע — — בלויז איינציקע האָבן אין זיך די זוימען פון אייביק זיין — — אויב טייל פון אונזער דור וועלן שם'ען מיט גרויסקייט, אָדער פאַרגעסן ווערן אָף אייביק — ווענדט זיך ווי שטאַרק סוועלן זיין די אַנאָנסן — און ווי גוט די ביאָגראַפן . .

## צו אייך קעגן מיר

איר אַלע וואָס זיינט קעגן מיר, פילט זיך נישט זינדיק. איר זיינט גערעכטיק צו זיין קעגן מיר און מעגט פיינט האָבן אַלץ וואָס איך טו. איך בין קעגן פילע פון אייך און אַמאָל אויך קעגן זיך אַליין — — אַפילו ווען איר זיינט מיט אומרעכט קעגן מיר, האָב איך צו אייך נישט קיין טענה. אייער קעגנער־שאַפט מאַכט מיך נישט שווער, נאָר גיט מיר פליגל.

קעגנער מיינע ! באַהאַלט נישט אייער שנאה צו מיר, זי האָט מיר געגעבן מער כח ווי די ליבע פון די, וואָס לויבן שטענדיק מיין וויינקייט — — —

# געשטאַלטן

צו ב. ריווקין

**א**

דער וואָס שפּיגלט זיך אין אייערע דרויסנדיקע אויגן — איז נישט ער . . זיין עכטער איך איז אַ צווייטער — ער ליגט אין אים פאַרקלעמט אַ צונויפגעדרייטער : אַ לייב מיט אַ האַרץ פון אַ נביא . . קיינער קען אים נישט ריכטיק זען. ער איז אומ־ענדלאַך גרויס — און אומענדלאַך קליין . . ווי דער סוד פון דער וועלט אַליין.

**ב**

דער וואָס האָט אים אַהערגעשיקט, האָט אים געגעבן אַזוינע פּיס — נאָכגיין זאָל ער זיך דעם גאַנצן לעבן און קיינמאָל נישט קענען קומען צו זיך — — און הענט האָט ער אים געגעבן: ער זאָל שמידן זיך אַליין פאַר אַ ציל — און קיינמאָל נישט זיין וואָס ער וויל — —

**ג**

זיין וויל ער גאַנץ פאַר דער אילוזיע פון גרויסע פרייד. נאָר באַ־שערט איז אים זיך צו אַנטפּלעקן אין אייביקע רגע'ס . . ווען איר זיינט בלינד און קענט בלויז פילן זיינע פונקן . . דערפאַר איז אייך בלויז באַקאַנט דער עכאָ פון זיין שמידן — — און איר קענט בלויז זען די מידע הענט איבער זיין פאַרקלערטן קאָפּ.

**ד**

זיין קאָפּ איז גרויס און זיינע פּיס — קליינע. זיין זכרון איז פול מיטן וויסן פון די צייטן. נאָר עפנט ער דאָס מויל צו ריידן, פאַר־האַלטן זיך זיינע רייד, ווי וויין אין אַ פלאַש וואָס איז ביז צום קאָרק פאַרפּילט. מיט אַ מאָל עפנט ער זיך ווי אַן אויפגעשטורמטע פלאַש וויין, נעמט קאָכן און זידן און שוימען און שפּריצן און עס פליען פון זיין מויל לויטער ווייזהייטס בליצן — — —

## דאָס אומגעווייִנלאַך באַשעפעניש

איז הויך און דיק — ווי אַן אַלטער היפּאָפּאָטאַם. אַפן קאָפּ אַ שאָלאַכין פון גאָלד, וואָס בלענדט אַלעמען די אויגן. די הויט ווי יאַפּאָנעזיש זייד — וואָס גלוסט זיך אַלעמען צו גלעטן . . נאָר איר האַרץ איז וויסט און שוואַרץ און אָנגעפּילט מיט גיפטיקן גאַז, וואָס בלאָזט זיך ביז צום פּלאַצן. צעשפּרייטן וויל זיך דאָס איבער דער גאַנצער וועלט און פאַרגיפטן אַלץ וואָס לעבט — —

גרויס וויל דאָס זיין, ווי איר אויסגעטראַכטער שאָטן — כאָטש עס פילט זיך קליין ווי אַ ליגן . . דאָך טראַכט אויך דאָס באַשעפעניש פון פאַרגיין, פון גאָט און דערלייזונג . . שטאַרבן וויל עס נישט ווי אַלע וואָס זיינען נישט גאַנץ מיטן לעבן . . יעדן ווייטיק ווייטיקט עס פונקט ווי די וואָס רייטן ראַשיק אַפן שוואַרצן פערד פון טויט — — קראַנק און אומעטיק איז עס — ווי אַלע וואָס זינדיקן — קעגן תוך פון זיין . . און אויך אַף דעם מאָדנעם באַשעפעניש איז אַ גאָטס רחמנות — — — —

## אַ מאָנאָלאָג פון אַן אומשולדיקער פרוי

ווער האָט מיך דאָ אַוועקגעשטעלט צווישן הימל און ערד צו וואַרטן אַף אַ שיכורן לאַבוס ? איך, וואָס האָב געחלום׳ט פון אַ גוטן מאַן, מיט אַ הויז, מיט קינדער — שטיי איצט און וואַרט אַף אַ פרעמדן, ער זאָל מיך קויפן פאַר ברויט מיט וויין — —

אַלע וואָס גייען פאַרביי, וואַרפן מיר צו ציינישע בליקן. האַלטן מיך פאַר זינדיק — זיי זיינען דאָס די פרומע . . ווען איך האָב איך שלעכץ געטאָן, מען זאָל מיך האַלטן פאַר דער שאַנד פון דער וועלט ? מיר איז אַזוי אומעטיק . . האָב אַמאָל געבענקט נאָך גליק ווי אַלע — צו האָבן פון אַל־דאָס גוטס און ווער סוועט קומען צו מיר, מיט יענעם וועל איך זיך טיילן . . איז שוין צו שפּעט ? קען איך שוין קיין זאַך נישט איבערמאַכן ?

אָ, דו געמיינער באַשאַפער !

# קאַלעגן

באַ זיך אין האַרץ געהאַט אַמאָל אַ טרייסט: אויפהערן וועט דער עלנט, ווען דו וועסט זיין צווישן זיי — זיי ווייסן דאָך יעדנס נויט און ווייי — די בייזקייט פון דער וועלט, באַזיגן זיי מיט שטילער גוטסקייט. ווען אַלע זיינען זאַט און זינדיק, זיינען זיי צאַרט און הייליק. דעם געוויסן, געקרייציקט פון דער וועלט, נעמען זיי אַראָפּ פון קרייץ און היילן זיינע וואונדן — — אויב די גאַנצע וועלט דינט צו וואָך און וואוילטיק, קיניגט באַ זיי שבת און יום טוב —

נאָר האָב איך זיך דערנענטערט, האָב איך געזען, ווי זיי איינגען זיך אין אייגענעם עלנט, און זיינען בלינד צו דעם עלנט פון צווייטן . . זיי לייטערן זיך אין אייגענעם פיין און פילן נישט דעם פיין פון צווייטן . . .

איז מיר קלאָר געוואָרן דער בייזער וואונדער: אַז צווישן זיי געשען אויך נישט קיין וואונדער — — האָב איך זיך פאַר־לוירן אין אַ פאַרלוירענער וועלט . . און מיין לעבן צאַנקט אוים צווישן צוויי פוסטע אייביקייטן — —

## נאָכ'ן פאַרהאַנג

ווען דער טויט וועט מיך באַפרייען פון אייער אומזין, שטעלט נישט אָן קיין מינע פון געמאַכטן צער, שפּילט נישט קיין טע־אַטער אָפּן חשבון פון מיין אויפהערן זיין. נישט פאַרשעמט דעם טויט מיט אייער פאַלשן שפּיל — דער טויט איז דאָך פון אַלע שפּילן דער לעצטער שפּיל — — און איר, וואָס פילט אמתן טרויער, פאַרבייט דעם טרויער אָף פרייד און טראָגט דעם לעצטן צייכן פון מיין אומרו מיט געזאַנג צו אייביקער רו. ווען איר לייגט מיין גוף צוריק אין שטויב, גיט אַ שמייכל פון צופרידנ־קייט . . ווייל מיטלייד האָט איר באַדאַרפט פילן מיט מיין פאַר־לוירן לעבן, נישט מיט מיין דערלייזנדיקן טויט — — — —

# אַ מענטש

ער האָט זיין טאָג פאַרקירצט אַף אַ לאַנגער נאַכט.
אין פיין אַרומגעגאַנגען און קיין אויג נישט צוגעמאַכט.
איז שווער געוואָרן זיין צאַנקענדיק לעבן,
גענומען פיינטן גאָט און לייט און זיך אַליין.
ווייל ער האָט פאַרקירצט זיין טאָג און לאַנג געמאַכט די נאַכט.
איז ער מיד געוואָרן פון זיין שווערן איך —
אַף די פרייע פעלדער אַנטלאָפן צו ווערן פריי פון זיך.
באַ די גאָלדענע ברעגן פון די טייכן איז ער אַרומגעגאַנגען,
אין די לויטערע שטראָמען דערטרונקען זיינע פאַרלאַנגען.
נאָר איין פאַרלאַנג איז אים פאַרבליבן:
צו נעמען פון זיך אַליין נקמה . .
איז פון דעם געוואָרן ליידיק זיין האַרץ און שווער זיין נשמה.
האָט ער אויסגערעדט זיין האַרץ פאַר די בוימער,
האָבן זיי געענטפערט מיט ווינט —
האָט ער זיי נישט פאַרשטאַנען.
האָט ער דערציילט זיין צער צו די בערג,
האָבן זיי געענטפערט מיט שווייגן —
האָט ער זיי נישט פאַרשטאַנען.
האָט ער גערעדט צו דער זון,
האָט זי געענטפערט מיט לויטער שטראַלן . .
איז ער אַ ליכטיקער געוואָרן — און זי נישט פאַרשטאַנען.
האָט ער זיך פאַרטרויט צום טייך,
האָט ער געענטפערט מיט די אייביקע שטראָמען
און אים געוואַשן מיט ווייכע וועלן —
האָט ער אַלץ נישט פאַרשטאַנען.
איז ער געוואָרן געלייטערט פון זיין בייזער נקמה . .
איז גוט געוואָרן זיין האַרץ און ליכטיק זיין נשמה —
האָט ער אויך זיך נישט פאַרשטאַנען.
האָט ער גערעדט צו די בהמות און פערד . .
האָבן זיי אים פאַרשטאַנען און געענטפערט
מיט זייערע שווייגנדיקע אויגן.
האָט ער זיך געלייגט אַף דער רואיקער ערד
און גערוט אַזוי ווי די בהמות און פערד —
און גאָרנישט פאַרשטאַנען.

## שיינקייט

איינמאָל איז געשען: ווען די שיינקייט האָט דערזען איר אייגן ליכט, איז זי אַרויס אין גאַס און זיך אַוועקגעשטעלט נאַקעט פאַר אַלע מענטשן און געמיינט, אַז זיי וועלן זי בענטשן — —

האָבן טויזנטער אויגן גענומען אַף איר גליען, האָבן זיך גענומען צו איר ציען טויזנטער הענט, האָבן געגאַרט נאָך איר טויזנטער ליפּן און טויזנטער הערצער האָבן דורך איר געברענט — נאָר זי האָט אַלעמען געבלענדט — —

איז קיינער נישט געוואָרן דערהויבן. האָט מען נישט געהאַט פאַר וואָס צו לעבן . . האָבן אַלע פאַר כעס פון איר שטיקער געריסן און די שטיקער צוזאַמען מיטן האַרץ פאַרביסן — —

פון דער שיינקייט איז קיין שיינעס נישט פאַרבליבן — חוץ וואָס אַ נאַר האָט וועגן איר אַף פּאַפּיר פאַרשריבן — — —

## דאָס לאַנד וואָס איז נישטאָ

אַלע לענדער זיינען פאַר מיר גוט און שלעכט. איך בנק נישט אַהיים, ווייל קיין לאַנד איז נישט מיין היימלאַנד — — האָב אין ערגעץ נישט געוואָלט בויען קיין הויז, ווייל וואו איך בין געקומען, בין איך פאַרבליבן אַליין און פרעמד. אין ערגעץ נישט געפונען קיין אָרט, וואו איך זאָל וועלן פאַרבלייבן און זאָגן: דאָ וועל איך לעבן און האָבן מיין רו . .

און וואַנדערן האַלט איך אויך פאַר נאַריש — ווייל ווי וויט קען אַ מענטש דערגיין, אָדער דערפאָרן ? נישטאָ קיין אָרט אַף דער ערד, וואו דאָס האַרץ קען געפינען פריי, פרייד און שפּיל — — מיין היימלאַנד איז אינם לאַנד פון שטילע וואונ־דער . . וואָס איז נאָך נישטאָ — — —

# בליצן באַנאַכט

די שיינקייט פון בלאַט און בליט וועקט צו שטומע וואונדער. נאָר ווען אַ פיש שלינגט איין זיין ברודער פיש — און אַ וואָלף צערייסט אַ שעפּס — דעמאָלט פרעגט זיך: וואָס איז דער זין פון אַלץ וואָס דו האָסט באַשאַפן?

דער העלד פון קריג און זיג וועקט נישט אין מיר קיין געזאַנג — נאָר ווען אַ ברודער וואַרימט זיך באַם פייער וואָס ער האָט אונטערגעלייגט זיין ברודער — דאָס מאַכט מיין נשמה קראַנק און באַנג.

נישט דעם ריכטערס יושר וואָס נעמט זיך אָן פאַרן געקריווער־דעטן — רעגט מיין זין, נאָר ווען דער וועכטער פאַרשליסט אַן אָנגעקלאָגטן ברודער אונטער אייזערנע גראַטעס און טראָגט רואיק אַרום די שליסלען — דאָס מאַכט דעם מענטש אין מיינע אויגן פאַר אַ שפּין.

נישט ווען אַטלעטן לויפן אַרום אַ באַל, ווי הינער אַרום אַ זשאַרנע, זע איך די סודות וואָס בינדן לעבן מיט לעבן — נאָר אין שפּיטאָל, וואו סליגן צעשניטענע מענטשן, מיט פייערדיקע וואונדן — דאָרט דערזע איך ווי לעבן איז געבונדן צום גרויסן סוד פון זיין — — —.

נישט ווען בליענדיקע קינדער זויגן זייער מאַמעס ברוסט, זע איך דאָס רעטעניש פון וועלן זיין — נאָר ווען אַ מאַמע ליגט מיטן קאָפּ אַפן וויגל פון אַ גוססדיקן קינד .. און איר האַרץ צעגייט אין אַ טייך טרערן, דעמאָלט דערזע איך די געהיימניש פון דער קרעאַטור.

# NATURA

וואונדער זיינען דיינע גראָזן — גייען אויף ווי שטילע תפילות אומעטום. וואונדער זיינען די מוראַשקעס — זיי שאַפן קעניג־רייכן אַף דיינע בריסט. וואונדער זיינען די היישעריקן — זיי טאַנצן איבער די גראָזן צום ריטם פון זיין. וואונדער זיינען די פויגל — זיי פלאַטערן פלינק אין דער לופט ווי פליענדיקע געזאַנגען. וואונדער זיינען די לייבן — זיי קעמפן מיט נעגל און ציין פאַר זייער אומזיניקן זיין. אַ וואונדער איז דיין קינד — דער מענטש — — אַזוי נאַריש קלוג, אַז מיט זיין גאַנצער קלוגשאַפט קריגט ער זיך איבער אויסגעטראַכטע גאָרנישטן . . א וואונדער איז דאָס אויג וואָס זעט אויגן . . ליכטיקט זיך אין הימלשן אויג באַטאָג און וואונדערט זיך איבער די פינקלדיקע בלומען אַפן הימל באַנאַכט.

איז מעגלאַך, אַז דו, מוטער פון אַלץ וואָס לעבט, האָסט אַלעמען באַשאָנקען מיט אויגן . . און אַליין ביסטו בלינד ?
אַלעמען באַשאַפן אויערן און אַליין טויב ?

דיין קינד געשאָנקען פאַרשטאַנד — און אַליין פאַרשטייסטו נישט זיין פאַרשטאַנד ? צי האָסטו אַ שכל איבער אַלע שכלס ? אַן אויער איבער אַלע אויערן ? דאָס אויג איבער אַלע אויגן ? אויב שכל איבער אונזער שכל — ווען דו זעסט ער פירט צו קריג . . פאַרוואָס שטעלסטו נישט אָפּ די קויל וואָס פליט פון מענטש צו מענטש ? אויב דאָס אויער איבער אַלע אויערן — פאַר וואָס דערהערסטו נישט דעם געשריי פון די געפייניקטע ? אויב דאָס אויג איבער אַלע אויגן — פאַרוואָס ליימסטו נישט די האַנט, וואָס הויבט זיך קעגן אַ ברודער ?

ווען דו זעסט מען רויבט צו דאָס ברויט פון דעם וואָס שאַפט עס מיט אייגענע הענט — פאַרוואָס מאַכסטו נישט דיין זון זאָל אויפהערן צו שיינען ?

און ווען דו זעסט ווי דיין לעבן פאַרבלאָנדזשעט צו אַ וואַנט פון צופאַל . . און ווערגט זיך אַליין מיט אייגענע הענט — פאַרוואָס באַווייזטו נישט קיין נס ?

## ענגע טאַנץ

וואָס בין איך ?
אַ קייט פון שאָטנס. רייסט זיך אָפּ אַ שאָטן — פאַרשווינדט אַ טאָג. נאָך אַ שאָטן — פאַרשווינדט אַ נאַכט. טעג און נעכט — מיינע שאָטנס . . זיי פאַרלאָזן מיך, ווי פלאַמען אַ ליכט.
כטרייב אַליין פון זיך מיינע שאָטנס, ווי דער ווינט פאַרוועלקטע בלעטער. ווען אַלע שאָטנס פאַרגיין — וועל איך דאָ מער נישט זיין — —
האָבן מיינע שאָטנס זיך געוואָלט אויסציען איבער דער וועלט. האָבן בייזע מענטשן מיט מעסערס און העק זיי אָפּגעקירצט. טאַנצען די שאָטנס פאַרצווייפעלט אַ טאַנץ:

א שאָטן קומט און מוז פאַרגיין,
פונקט אַזוי ווי מיר אַליין;
אויף דער שענסטער אויגען גלאַנץ
ווערט פאַרשאָטנט אין דעם טאַנץ.
א שאָטן קומט און מוז פאַרגיין,
פונקט אַזוי ווי מיר אַליין.

ווען איך וועל שוין דאָ נישט זיין — וועלן צוריקקומען מיינע שאָטנס. זיי וועלן אויסוואַקסן גרויס — ביז די שטערן. דעמאָלט וועט איר דורך זיי גרעסער ווערן — — ווען איר וועט זיי דער־גרייכן, וועלן זיי שוין זיין ליכט — —
און איך ?
דאָס ליכט פון מיינע שאָטנס — — —

## ג ע ב ע ט

האַר פון אַלע וואונדער ! באַווייז נאָך אַ וואונדער
און הויך אַריין אַ זין אין אונזערע ווערטער . .
אונזערע אָטעם־וועקסלען האָבן פאַרלוירן זייער ווערט.
פאַרפּייניקט האָט מען די בעסטע נשמה־קינדער.
פאַראַנען לייט וועמעס וואָרט איז ווי אַן אויסגעפּוצטער מת — פאַר נאַראָנים אָפּ בייז וואונדער, נאָר זייער טאָן איז ווי די העל־דישקייט פון קריגער און רויבער . . דערפאַר איז מיין געבעט:
זאָל מיין וואָרט זיין באַהעפט מיט מיין טאָן — ווי דער גוף מיט דער נשמה — —

# דער צעטומלטער קאַראַוואַן

ציט זיך אַ קאַראַוואַן פון דורות דורך דער מדבר —
קען נישט געפינען קיין צוועק . .
דורכן שווערן זאַמדיקן וועג.
צעטומלט איז דער קאַראַוואַן . . ווייסט נישט וואו זיך צו ווענדן.

הייסט איינער גיין מזרח, שרייט אַ צווייטער מערב !
פירט עמיץ אַפן שפּיץ באַרג —
וויל אַן אַנדערער אין די טיפסטע טאָלן.
די ווילן בויען פּיראַמידן צו דערגרייכן די הימלען —
ווילן אַנדערע גראָבן אין דער טיף צו געפינען קוואַלן — — —

מורמעלט איינער; מען דאַרף זוכן גאָט . .
עצה'ט אַ צווייטער: אַנטדעקט דעם מעיִטשן — — —
טייל טענה'ן: אונזער האָפענונג איז דער היילקער משיח —
זאָגן אַנדערע: הייליק איז יעדנס איך — —
איינער בעט זיך: בלויז מיט ליבע . .
ליאַרעמט אַ צווייטער: ליבע איז שוואַך !
שטאַרקט זיך מיט האַס !

טייל ראָטן: בויט בריקן גיכער צו דערגיין צו אַ ציל —
וואָרנען אַנדערע: זוכט נישט קיין גליקן . .
סאיז בלויז אַ בלענדיקער שפּיל — —
קריכט פּאַמעלאַך דורכן זאַמד,
מיט די אויגן אַף שטילע וואונדער . .
וועט יעדער געפינען וואָס ער וויל — — —

בלייבט דער קאַראַוואַן אַ צעטומלטער —
ווייסט נישט וועמען צו פאָלגן.
בויט מען פּאַלאַצן פון זאַמד —
קומט דער ווינט פון טויט און פאַרוויט די בויער . .
די צייט צעשטערט די פּאַלאַצן, נאָר אייביק איז דער מדבר . .
עס פאַלן אין זאַמד די בלאָנדזשענדיקע וואַנדערער —
דאָך אייביק לעבט דער קאַראַוואַן . .
ווי אייביק עס איז זיין פאַרצווייפל און זיין האָפן — —
ציט זיך פון דורות דורך דער מדבר . . אַ צעטומלטער קאַראַוואַן.

# שטאָט
# מיינע אייגענע
# רויטע פֿלעקן

## צווישן הימלקראַצער

וואַקסן געביידן אַלץ גרעסער, ווערן די מענטשן אַלץ קלענער. וואַקסן פֿאַרלאַנגען אַלץ מערער, פֿאַלן די לאַסטן אַלץ שווערער. פֿאַרשטעלן שטיינערנע גולמס דעם הימל, וואַרפֿן ריזן שאָטנס אַף דער ערד, ווערן פֿאַרשאָטנט די מענטשן — טראַכטן זיי שאָטן־געדאַנקן . . גוסס׳ט אין הפקר דער געוויסן, נעמט מען דעם צווייטן פֿאַרמיאוסן. לעבט מען צווישן שטאָל און שטיין, דרינגט דער שטאָל אין האַרץ אַריין — — לעבן מענטשן אַף אַן אייגגן אָרט, ווערט דערוואָרגן דאָס ערלאַכע וואָרט — — ווערט קאַלט די ליבשאַפֿט צום אַנדערן, מוז דער אמת פֿון שטאָט אויסוואַנדערן . . בלאָנדזשען מענטשן ווי שאָטנס אין אַ מדבר פֿון מויערן . . ווערן זיי ווי שאָטנס פֿאַרלוירן — — —

# שטאָט

## נויאָרק

איך וואונדערט מיין גרויסקייט ?
די כחות פון אַלע שטעט אין דער וועלט האָבן מיך געמאַכט וואַקסן. איך בין שטאַרק מיט די מוסקולן פון מיליאָנען הענט. האָב טויזנטער מיילער, מיט יעדן מויל שלינג איך איין טויזנטער לעבנס. מיין אָטעם גייט צום הימל דורך טויזנטער קוימענס. מיינע אָדערן זיינען אויסגעצויגן צום ים. מיינע נערוועך זיינען פאַרבונדן מיט פילע לענדער. מיינע אָרימס זיינען אויסגע־שטרעקט צו דער גאַנצער וועלט. איך בין די וואונדער אנטאַ־לאָגיע פון אַלע לענדער און ראַסן.
בין פאַרדעקט מיט זשאַווער און שטויב, אָבער מיין פּנים איז ריין. דער ים וואַשט מיינע פיס, דער האָדסאָן מיינע קריזשעס. איך בין אַ ריז — נאָר בין נאָך נישט רייף. ווי אַ קאַפּריזנע קינד, יאָג איך זיך נאָך משוגענע שפּילצייג און בלייב אומבאַ־פרידיקט. פּוץ זיך מיט אַלערליי שיינקייטן און בין נאָך נישט שיין. שיינקייט דאַרף צייט און רו . . און איך אייל זיך . . מיין רו דאַרף ערשט געבוירן ווערן. דערווייל בין איך פיבערדיק און נערוועז. אָבער אין מיין האַרץ פלאַמט אַ נייע ליבשאַפט. מיליאָנען הערצער ציען זיך צו מיר, ווערן פאַרשיכור׳ט און אָפּגענאַרט . . ווייל מיין וויין איז געמישט מיט סם. מיין געזאַנג געמישט מיט כאַאָס . . איך בין שוואַך דורך מיין אייגענער שטאַרקייט. האָב אַזוי פיל רייכקייט און בין קראַנק מיט אָרימ־קייט. אַזוי פיל שפּראַכן טומלען אין מיר און איך האָב נאָך נישט מיין שפּראַך. אַזוי פיל לידער זינגען אין מיר און איך הער נאָך נישט מיין ליד. האָב מער פרייקייט ווי די גאַנצע וועלט און בענק נאָך רוים. איך חלום פון באַפרייאונג און בין געבונדן אין אייגענע קייטן — — —

# בראָדווײ

ליכטוועלט פון טויזנט זונען! דײַן ליכט בלענדט און טרייסט מיין איינזאַמקייט. ביזט דער וואַנזין און האָפנונג פון גרויס שטאָטישן עלנט. האָסט פאַרביטן די שטערן אויף עלעקטרישע ליכט, וואָס באַזיגן די נאַכט.

אייביק טאָגיקע בראָדוויי! דײַן האַרץ איז אַ ניי באַשאָפענער ים. די מענטשן — דײַנע פיש. האַרץ פון טויזנט אילוזיעס! קוואַל פון אַ ניי באַשאַפענער פרייד! אַלץ איז אין דײַן פיבער־דיק האַרץ צונויפגעדרייט:

רעסטאָראַנען, עראָפּלאַנען, כימערן, טעאַטערן און קינאָבילדער. סבֿרענט, קאָכט, זינגט און טאַנצט, אַלץ ווילד און ווילדער: אויטאָמאָבילן, טראַמווייען, סאָבווייען, טשאַפּסואיס, קאַפּייען און קאַבאַרייען.

צעטומלסט דעם אומעט, שלינגסט איין די צייט. פאַרצערסט די יוגנט, אַלטקייט ווערט באַנייט.

בראָדוויי! די מענטשן קינדער וואָס קומען צו דיר זיך פאַר־שפּילן, זיינען מיר פרעמד — דאָך אייגן. זיינען מיר נאָענט — דאָך ווייט. זיי זיינען ווי גוטע שוועסטער — באַזיגן דעם עלנט און באַרואיקן מיט רויש.

בראָדוויי! דו ווירבל פון ליכט און שטויב. אין דײַן טומלדיקן ים בין איך אַ באַזונדערער טראָפּן, און פּיל ווי דער געפאַלענער שיכור, ווען דער דאָקטער האָט פאַרנייט די וואונדן און ער האָט געזונגען:

בראָדוויי האָט אַזויפיל ליכט,
נאָר קיין איינע איז צו מיר ניט געבויגן,
איך וויל בלויז איין איינציק ליכט —
דאָס ליכט פון דײַנע אויגן.

# סאַן פראַנציסקאָ

שיין בלענדיקע שטאָט. דיין האַריץ — דער גאָלדענער טויער.
דיינע גאַסן — זויבער, ווי פאַר הייליקע צו טרעטן. דיין לופט
— קיל און לויטער. דיין זון — מילד און צערטלאַך. דיינע
גערטנער און מוזייען זאָגן צו פאַלשן יום טוב. דיינע באַרגיקע
גאַסן ווייזן דיין שטאָלץ. דיינע טאָלן — דיינע חן'גריבלאַך.
ביסט דאָס פּנים פון דער ערד.
אָבער וואו איז דיין נשמה ? איך האָב זי געזוכט אַף דיינע שיין
געבויטע גאַסן און נישט געפונען. אין דיינע אויסגעפּוצטע הייזער
— און נישט געטראָפן. איז זי נאָך נישט געבוירן ?
די מענטשן וואָס זיינען דיין געוויסן מאַכסטו שטום — — די
וואָס ווילן באַשאַפן אַ שענערע שיינקייט, פאַרשפאַרסטו
אונטער שלעסער . . דיינע אמתע פאַרברעכער לאָזטו פריי . .
דיינע פענצטער ברענען מיט שאַנדפלעקן: מיר קויפן און פאַר־
קויפן אַלץ — —
סאַן פראַנציסקאָ ! דו אויסגעפּוצטע רייכע שיינקייט — ווען
וועסטו אויך רייך ווערן מיט אַ נשמה ?

# שיקאַגע

שטאָט פון לאַנגע בולוואַרן, וואָס ציען זיך ווי גרינע שלאַנגען,
איבער גרויען שטויב . . שטאָט מיט אָנגעלאָפענע באַן טכוירן
וואָס פאַרסם'ען די לופט מיט זייער גיפטיקן אָטעם.
שטאָט פון וואָכעדיקייט און רכילות . . וואו די איינזאַמקייט
גריזשעט די נשמה, ווי אַ מויז דעם דיל פון אַ פאַרלאָזן הויז.
שטאָט וואָס קוילעט מיליאָנען בהמות פאַר דער וועלט —
און איר האַריץ איז אַ גרויסע, קראַנקע בהמה — —
שיקאַגע, דו גרויס פאַרשטיינערט דאָרף ! צו דיר בין איך גע־
קומען ווי אַ גאַסט, מיט פרייד אויסצושפּרייטן מיינע ליכטיקע
חלומות . . באַגעגנט האָט מיך אַ מאַסקירטע פינצטערע חיה,
וואָס האָט מיט גיפטיקע ציין צעביסן מיין האַריץ — —

# שיקאַגער שאָטנס

יאָגנדיקע שאָטנס, פאַרקרימטע פון געיעג. טונקעלע שאָטנס, ליידיק ווי אַלטע קרוגן. ווייס־רויטע שאָטנס באַשמירט מיט שמינק. שאָטנס פון פלייש און בלוט — בלוט געמישט מיט גיפט. פלייש באַפלעקט מיט זינד — שאָטן געזיכטער אָן אַן ערלאַכן שמייכל, אָן אַ לויטער אויג, אָן אַ הייליקן ציטער — — שאָטנס פאַרהאַרטעוועטע ווי שטאָל, פאַרגליווערט ווי גראַניט. שאָטנס ריידנדיקע ריידן אַריין אין דער לופט און די אויערן הערן אַלץ און הערן גאָרנישט . . שאָטנקעפּ טראַכטן אַלץ און פאַרשטייען נישטיקייט . . און די וועלט בלייבט איינג און ליידיק ווי אַ ווערימדיקער נוס . . שאָטנס שוועבן איבער סטייט סטריט, וואָבאַש, מישיגען און בלענדן מיט ביליגע פאַרבן. זיי ווייסן נישט וואָס צו טאָן, שפּילן זיי זיך מיט געפאַרבטן שטויב . . זיי פּלאַנעווען נישט און בויען נישט קיין גאַנצע וועלטן . . זיי לעבן מיט גלאַנציקע ברעקלאַך און קוויקן זיך מיט אילומינירטן שפּינוועבס . . שאָטנס פון הויכע מויערן פאַלן אַף שאָטנס פון נידעריקע מענטשן — — שאָטנס פון הויכע קוימענס פאַלן אַף קליינע שאָטן קעפּ און פאַרפּלאָנטערן זיך איינע אין די אַנדערע . . שאָטן פון פיס גייען צו שאָטנס פון טירן און פאַר־שליסן זיך אין דער שטיל — — שאָטנס פון לאַנגע גאַסן ! פאַרמישן זיך מיט שאָטנס פון געדיכטע מאַסן און לאָזן נישט קיין אָרט פאַרן ליכט פון דער וועלט . . שאָטנס אין יעדן ווינקל, אַן אָרקעסטער פון שאָטנס . . און די זון צווישן זיי פאַלט צע־בראָכן אין שטיקלאַך . . און מאַכט זיי נישט ליכטיק — — און די גרויסקייט פון דער וועלט מאַכט זיי נישט גרויס — שאָטנס פון שיקאַגע, נערוועז און קליין, טאַנצן ווי קראַנקע מאַריאָנעטן אין דעם אין סוף אַריין — — —

## צ י ו י ל י ז א צ י ע

וואָס אַמאָל ווערן די געביידן אַלץ העכער — מצבות פאַר קינפטיקע צייטן — — וואָס אַמאָל גראָבט מען זיך אַלץ טיפער אין דער ערד, ווי ווערים אין אַ טויטן לייב. ווי נערוועזע גע־שפּענסטער יאָגן זיך מענטשן אין די סאָבווייען. ווי פאַרסמטע היישעריקן איילן זיך אַלע, טאָג איין טאָג אויס. ווי שלאַנגען רינגלען אַרום די ערד אייזנבאַנען. ווי רויבפויגל שרעקן פון הימל עראָפּלאַנען. וואָס אַמאָל האַקט מען אויס מער ביימער און מען פאַרבייט זיי אויף טויטע זאַכן. די לופט ווערט אָנגעפילט מיט שטויב, גאַז און גיפט. די נערוון וויברירן ווי טעלעגראַף־דראָטן. דער געדאַנק ווערט קראַנק, און בייִנקט נאָך אַלץ — וואָס איז פאַרבאָטן . . דורך טויזנט קראָמען שרייט דער ראַדיאָ: קויפט ביליגע פרייד ! קויפט געשווינט ! אַלץ פאַרגייט ווי די פרייד פון זינד.

## מ אַ ר י אָ נ ע ט ן

נמאס איז מיר געוואָרן קעגן מענטשן דער געשריי:
זיי זיינען שלעכט און אומגערעכט ! און יעדער איינער ווייטיקט בלויז זיין אייגן ווי — — און ערגער נאָך וואָס איך בין אויך פאַרפּלאָנטערט צווישן זיי — — מיט צער דאַרף איך זען: אַז די וואָס באַדאַרפן זיין היינטיקע נביאים, צעשניידן זייער געוויסן אויף פּיצלאַך שפּינוועב־מאַכט און פאַרקויפן יעדעם פּיצל פאַר שטיקלאַך גאָלד — — און הייזער בויט מען מיט די שטיקלאַך, גרויסע, שווערע, און מען פּילט זיי אָן מיט ווייבער, קינדער און שטיקער פּוסטקייט . . און דער שבת און דאָס הייליקע וואָרט האָט דאָרט ניט קיין אָרט . . און דער יום טוב איז זיי פרעמד — און די מענטשן ווערן וואָס אַמאָל קלענער און קלענער . . ביז זיי זעען אויס ווי קליינע מאַריאָנעטלאַך, וואָס בויגן זיך און קנייטשן זיך און מאַכן אַלערליי קונצעלאַך . . פּלאָנטערן זיך און וואַרפן זיך לויט ווי דער גאָט פון צופאַל ציט די געפאַרבטע שטריקלאַך — — און אַלע לויפן דעם פיבערלויף צו געווינען בלענדיקע מאַרגענס . . און פאַרשפּילן בלוטיקע היינטס — — און זיי טאַנצן ווי זינלאָזע מאַריאָנעטן און זיינען ט ר אַ ג י ש ע מ אַ ר י אָ נ ע ט ן אין דעם פאַטאַלן שפּיל פון דער וועלט — —

## פאַרבלענדט

ווער קען גלויבן אין וואונדער
אין דער גרויסער שטאָט ?
אַז אַלץ דרייט זיך
דורך מאַשין און ראָד.

די גרויסע נסים זיינען
פון רויך און רעדער פאַרשטעלט,
זעט מען בלויז דורך שטויב —
דעם אומזין פון דער וועלט — —

## חלומות

די פעלזן פעסטע מויערן, די ריזיקע טויערן. די אייזערנע בריקן און שטאָל פאַבריקן — דאָס זיינען אַלץ אָפּגעקילטע חלומות. די בולוואַרן און טראָטואַרן וואָס ציען זיך פון שטאָט צו שטאָט, זיינען פאַרגליווערטע חלומות פון דורות. יעדע גרויסע געביידע איז אַ קליינער פּרואוו פון אַ מענטשנס גרויסן ווילן, וואָס האָט געוואָלט זיך אויפהויבן איבער זיין מזל — און נישט געקענט. די בריקן וואָס ליגן איבער טייכן ווי שלאָפנדיקע ריזן, זיינען טרוימען פון מענטשן, וואָס האָבן געוואָלט אַריבערשפּאַנען די צייט און דערגיין — אַליין נישט וויסנדיק וואוהין — — יעדער באַרג איז אַ הויכער געדאַנק פון דער נאַטור. יעדער בוים — אַ שיינער חלום פון דער ערד — — און יעדער מענטש איז אַ חלום פון דעם אייביק אומבאַקאַנטן — וואָס אָטעמט גרויסע וואונדער — — —

# מיינע אייגענע

## ב ר י ד ע ר

די אַלע וואָס האָבן דערפּאַלג אין דער וועלט, קענען נישט זיין מיינע ברידער — ווייל אלע כיטרע און פאַלשע לייט — האָבן דערפּאָלג אין דער וועלט.
די אַלע וואָס זיינען צופרידן מיט זיך און מיט דער וועלט זיינען מיר פרעמד — ווייל אַלע טעמפּע און זאַטע זיינען צופרידן מיט זיך און מיט דער וועלט.
די וואָס קענען געווינען מיט פאַרלוסטן —
די וואָס קענען זיגן מיט דורכפאַלן —
די וואָס קענען דורך שטרויכלען דערגיין צו קרעאַטיוון עקסטאַז — מיט די בין איך פאַרברידערט — — —

## ג ע ו ו י ס ן

די אַלע וואָס פוצן זיך אין שיינע קליידער און עסן געשמאַקע שפּייז — ווי קענען זיי פילן די אומגערעכטיקייט פון דער וועלט ?
די אַלע וואָס האָבן וואַרימע הייזער און ווייבער מיט קינדער, וואָס זיינען אונטערטעניק זייער קאַפּריזנעם ווילן — ווי קענען זיי פילן די אומגערעכטיקייט פון דער וועלט ?
די אַלע וואָס וויסן יעדן טאָג וואָס צו טאָן . . און טוען זייער פליכט צו די שטאַרקע . . און אומרעכט צו די שוואַכע — ווי קענען זיי פילן די אומגערעכטיקייט פון דער וועלט ?

נאָר דער, וואָס טראַכט יעדע נאַכט, ווי אַזוי וועט ער איבער־לעבן דעם מאָרגן ? ער פילט די אומגערעכטיקייט פון דער ווילט.

דער וואָס ווערט פאַרשטויסן פון אַלע פאַרשטויסענע און באַ־ליידיקט פון אַלע באַליידיקטע — ער פילט די אומגערעכטיקייט פון דער וועלט.
דער וואָס וועגט יעדן טאָג ד אָ ס ל ע ב ן א ף ד ע ר ו ו אָ ג ש אָ ל פ ו ן ט ו י ט — ער פילט די אומגערעכטיקייט פון דער וועלט . .

## אָרימע רייכקייט

די לייט וואָס וואוינען אין רייכע פּאַלאַצן אויסגעפּוצט מיט
בילדער, סטאַטועןן און דיוואַנען — טראַכטן אָרימער ווי פאַר־
ברעכער און זיינען געפאַלענער ווי פאַררעטער — —

די לייט וואָס פאָרן יעדן טראָט אַף אָטאָמאָבילן, לאָזן זיך וואויל־
גיין אין לוקסוס־האָטעלן מיט פרעמדע פרויען — פילן אין
האַרצן ווי קראַנקע בעטלער וואָס האָבן שוין לאַנג קיין נדבה
נישט געקראָגן — —

נאָר די מענטשן וואָס וואוינען אין אָרעמע הייזער, מיט איינפאַכע
מעבל, עסן פּשוטע שפּייז און פאָרן איילנדיק יעדן טאָג צו דער
אַרבעט אין געפּאַקטע סאָבווייען . . זיי טראַכטן אויפריכטיקער
ווי מיליאָנערן און זיינען איידעלער ווי פּרינצן — — —

## צו די וואָס פאַרגרעסערן דעם אומזין פון דער וועלט . .

איר קלוגע, וואָס היט דאָס זעקעלע גאָלד — ווען האָט איר
צייט זיך צו דערנענטערן צום קוואַל פון קוואַלן : די ליבע
געזאַנגען פון האַפיז ?

אַז ליב האָט איר דאָס איינציקע בוך . . פון באַנק — ווי קענט
איר ליב האָבן דאָס וואונדער בוך פון שעקספּיר ?

אַז אין אייער פרייער צייט שפּילט איר זיך מיט גאָלד, ווי קענט
איר פילן ווײַלדס ודווי אינם טראַגישן ד ע פּ ר אָ פּ ו נ ד י ס ?

אַז אייערע געדאַנקען זיינען פאַרשיכורט מיט נאַרישע מאַכט —
ווי קענט איר באַנעמען די אייביקע קלוגשאַפט פון דעם טראַ־
גישן היינריך היינע ?

אַז אייערע נשמות זיינען פאַרוואַקסן מיט דאָלער דערנער —
ווי קענען צו אייך דערגיין די פּראָפעטישע פּאָעמען פון וואָלט
וויטמאַן ?

אַז פאַר גאָלד קענט איר קויפן וואָס איז זאַנפט און זינדיק —
ווי קענט איר זיך אָנשליסן אָן פּרץ'ס „גאָלדענע קייט" וואָס
זינגט פון אייביקן שבת ?

איר היט נאָר אַלע טאָג דאָס זעקעלע גאָלד . . און מאַכט גרעסער
דעם אומזין פון דער וועלט — — —

## איך בין מיט אייך

זיי זאָגן: ווען איר האָט די מאַכט, ווערט איר אויך ווי אַלע שלעכט און אומגערעכט, אָבער ווי אומגערעכט איר זאָלט ניט זיין, זיינט איר גערעכטער ווי אַלע אַזוי־גערופענע גוטע און גערעכטע.

זיי זאָגן, אַז איר זיינט צאָרנדיק צו אייערע קעגנער. אָבער דער צאָרן קעגן אייך איז געווען גרוויזאַמער פאַר טויזנטער יאָרן. און אויב איר זעט נאָך ניט מיט קלאָרע אויגן, האָבן זיי אייך בלינד געמאַכט. אויב איר בלאָנדזשעט אָף פינצטערע וועגן, האָבן זיי פון אייך דאָס ליכט באַהאַלטן. און אויב איר מוזט נאָך פיל צעשטערן, איז דאָס דערפאַר, ווייל זיי האָבן צעשטערט דאָס גליק פון דער ערד.

געקומען זיינען די טעג, ווען אייער דערוואַכטע מאַכט וועט זיי קעגן אייך מער קיין מאַכט ניט געבן. איר זיינט די בויער פון אַ נייעס, פרייען לעבן — דערפאַר איז מיין לעבן אויך מיט אייך.

## הייליקע מאַכט

עס האָט דערוואַכט אַ הייליקע מאַכט:

זי צעשטערט מויערן — שטאַרק ווי פעלזען. צעברעכט ווענט — שטאַרק ווי פיראַמידן. צערייסט צוימען, וואָס האָבן פאַר־צוימט וועגן פאַר פיל דורות.

עס האָט דערוואַכט אַ מאַכט, וואָס נעמט גערעכטע ראַכע פאַר די געפייניקטע און באַליידיקטע — וואַשט די זינדיקע בלוט־פלעקן פון דער ערד מיט בלוט — —

עס האָט דערוואַכט אַ מאַכט, וואָס צינדט פייערן קעגן פייערן. איבער דער גאַנצער ערד ברענען פלאַמען קעגן פלאַמען. פאַלאַצן ווערן אונטערגעצונדן, חורבות — פאַרברענט. די מאַכט קעמפט מיט שווערדן קעגן שווערדן. האַקט מיט העק קעגן העקער. סאיז קיין שפיל אין שפענדלאַך ברעכן. דעמבעס פאַלן, צווייגן ווערן צעבראָכן, בלעטער פליען מיט די ווינטן — די צייט פון שטורם, דער רויטער ווינט רייניקט די זומפּן און מאַכט גרייט די פעלדער פאַר פרוכטבאַרקייט.

עס האָט דערוואַכט אַ מ אַ כ ט ק ע ג ן מ אַ כ ט ן, ו ו אָ ס וועט לייטערן די גאַנצע וועלט — — דאָס איז די ה י י ל י ק ע מ אַ כ ט פ ו ן ד ע ר ע ר ד: ר ו ס ל אַ נ ד — — —

## וואונדער

מען האָט געמיינט: אונזער וועלט איז אַ פאַרשאָלטענער מדבר . .
אייביק וועלן מיר בלאָנקען אין זאַמד — די וואָס האָבן געזאָגט,
זיי ווייסן דעם אויסגעביינקטען וועג, האָבן נישט געגלויבט אין
די אייגענע רייד . . די וואָס האָבן געהערט, האָבן פאַרלוירן
די האָפענונג און מער נישט געוואָלט הערן — —
נאָר האָט מען געוואָלט — איז אַ וואונדער געשען . . דער נייער
אמת האָט זיך צעקלונגען איבער אַלע ווינקלען פון דער וועלט . .
און אַלע האָבן געהערט. די טויבע האָבן געשריען: אַ ליגן ! די
בלינדע האָבן געקריצט מיט די ציין: אַ געפאַר ! נאָר אַלע האָבן
פאַרנומען דעם נייעם אָנזאָג . . און די וואָס זיינען נישט געווען
טויב, האָבן פאַרשטאַנען דעם אמת פון די צייטן — — און
די וואָס האָבן געהאָט ליכט אין די אויגן, האָבן געזען אָנקומען
אַ נייע פרייד — — אַנטוישטע האָבן אָנגעהויבן גלויבן . .
נידערגעשלאָגענע זיינען געוואָרן דערהויבן — — נשמות האָבן
זיך באַפרייט . . ווערטער זיינען געוואָרן באַנייט — —
אַ וואונדער איז געשען . . און וועט אייביק אַ וואונדער פאַר־
בלייבן — — —

## די ליכטיקע רגע

עס וואָרט אַף אונז אַ רגע, ווען מען וועט אויפהערן לויערן
איינער אַפן אַנדערן מיט פאַרקריצטע ציין — און די וואָס
זיינען געווען באַזיגט אין אַלע צייטן ,וועלן דאַן זיין די זיגער
און מער קיינעם נישט באַזיגן — —
נאָר איצט, ווען מען שטייט איינער קעגן אַנדערן מיט העק
און שווערדן, וואַקסט אַלץ גרעסער דער האַס אַף ביידע זייטן —
יעדער איינער זעט בלויז די בלינדקייט וואָס קלאַמערט זיך
אַרום דעם צווייטן. צ ו  ד ע ר  א י י ג ע נ ע ר  ב ל י נ ד ק י י ט
א י ז  י ע ד ע ר  ב ל י נ ד — — און בלינדערהייט קען מען
נישט דערקענען דאָס מענטשלאַכע אין דעם מענטשן . .
נאָר עס וואַרט אַף אונז אַ ליכטיקע רגע, ווען מענטשן וועלן
מער נישט כאַפן שווערדן פון האַנט צו האַנט — נאָר אַלע וועלן
זיך דערזען: אַ ל ס  א י י ב י ק  ש ט אַ ר ב נ ד י ק ע
מ ע נ ט ש ן — — —

## פּאַראָרטטײַלט

פּיין פון איינגעבויגענע רוקענס. וואַכעדיקייט פון איינגעריכטע העגט און פאַריסטע געזיכטער. טרויער פון פאַרקלעמטע פאַרלאַנגען און דערשטיקטע געדאַנקען — — פּיין פון זיין פאַרשפּאַרט אין שטויביקע פאַבריקן, ווען אין דרויסן וואַרפט די זון פריי איר גאָלדיק ליכט. דער פּאַטוס פון זיין געקאָוועט צו אַ מאַשין, ווען דער ווינט לויפט מיט בלינדע כוואַליעס איבער פרייע וועגן. צער פון דרייען אַ ראָד און וויסן, אַז מען דרייט זיך אַליין ווי אַ ראָד — אָן אַ ציל . .
דער ריז, דער נאַר, וואָס ווייסט נישט דעם געפאַר צו דרייען די רעדער פון דער וועלט אָן אַ זין — פאַרלײַנגערט די צייט צו באַפרייען די פרייד — —

## באַזיי

וויפיל ליכט איר זאָלט ניט אָנצינדן, וועט אַלץ זיין פינצטער אין דער וועלט. וויפיל שיינע בילדער איר זאָלט ניט אויפהייגגען אַף אייערע ווענט, וועט די שיינקייט אַנטלויפן פון אייערע הייזער. וויפיל ביכער איר זאָלט ניט האָבן, וועלן יושר און חכמה נישט הויזן אין אייערע הייזער — ווייל דאָס אמתע ליכט פון דער וועלט איז באַ די . . ווער מען איר דערנידעריקט און באַליידיקט.

## זינלאָזע

ווי אַזוי זאָלן מיר ריידן צו אייך — רייכע פון דער ערד ?
די זאַטקייט מאַכט אייך טעמפּ און צו אייך דערגייט נישט די שפּראַך פון צער . . די רייכקייט פירט אייך צו זינד אָן אַ זין.
די פּוסטקייט — צו שלעכטס אָן אַ ציל . .
דער קראַנקער לייטערט זיך דורך ליידן —
דער בעטלער דערהויבט זיך דורך דערנידעריקן זיין איך —
מיט וואָס קענט איר, זינלאָזע זיך לייטערן ?
מיט וואָס זיך דערהויבן ?

# ד ו . .

וואָס האָבן זיי זיך פאַרשיכורט מיט דיר ? דורות האָבן צו דיר געבעטן און דו האָסט נישט געהערט. מיליאָנען האָבן דערוואַרט פון דיר אַ נס און דו האָסט זיי אַנטוישט. די גאַנצע וועלט האָט געוואַרט אַף דיין דערלייזונג, און אַלע האָבן זיך אין דיר גענאַרט. ווייל דו ביזט בלויז אַ באַשאַפענע אילוזיע, אַן אויסגעביינקט וואָרט . . אַ פאַרהייליקטער נאָמען.

# ד ע ר ל י י ז ן

קיין אויסגעביינקטער משיח קען אונז היינט נישט דערלייזן. קיין זעלבסט דערוויילטער פירער קען אונז היינט אין ערגעץ נישט דערפירן. די אַלטע האָפנונגען זיינען ווי אַלטע לאָמפּען — זיי קענען בלויז בלענדן . . איין טרייסט לייכט פאַר אונז: ד ע ר מ ע נ ט ש !
זיין ווילן איז אייביק ניי און שטאַרק ווי די ערד.
דורך אים אַליין וועט קומען די דערלייזונג — —
דער מענטש וועט ווערן אליין משיח און פירער צוזאַמען . .
און מיט זיין אייגענער מי באַשאַפן פרייד אַף דער וועלט — —

# מיט גערעכטע טריט פאָרוים

אויב דער קאַמף איז אומפאַרמיידלאַך — זאָל ער נישט זיין פון ברידער קעגן ברידער — נאָר קעגן יענע וואָס האַלטן אונזער לעבן פאַרקלעמט אין זייערע הענט — —
אויב אונזער זיג איז אומפאַרמיידלאַך — זאָל ער נישט זיין פון שוואַכע איבער שטאַרקע. זיגן זאָלן די גערעכטע איבער די אומגערעכטע.
אויב אונזער צוקונפט פירט צו פרייד — זאָל די פרייד נישט זיין באַגלייט מיט די טריט פון טויט . . זאָל אונזער זיג פירן צ ו ד ע ר ה י י ל י ק י י ט פ ו ן ל ע ב ן — — —

# רויטע פלעקן

## מלחמה

איר ווילט איך זאָל גיין אין קריג.
אויסקריגן פאַר אייך מער מאַכט און פאַרגעניגן.
און דערפאַר ווי אַ לוין — דעם טויט פאַר מיר קריגן . .
וועט מען מיר בלויז אויסשיסן די אויגן —
וועט איר אויסטראַכטן פאַר מיינע אויערן
אַ נייעם באַרוישענדן ליגן — —
אַז מען וועט מיר אָפּשניידן די פיס —
וועט איר ווערן מיינע געגעדיקע שפייזער . .
מיר שיינקען קוליעס צו גיין אין די הייזער — — —

## אָפּן קרייץ פון קריג

איך האָב אים געזאָגט מיט טיפן צער:
ווער עס וויל אַליין פרי נישט שטאַרבן, צו דעם קען דער טויט פרי נישט קומען . . יעדער איינער פאַראורטיילט זיך אַליין צום טויט.

ער האָט אויסגעהערט און פאַרשטאַנען — בלויז געענטפערט מיט אַ שטילן ציטער — — צופיל האָט דער סוד פון לעבן אין אים געשוויגן . . האָט ער דערציילט וויפיל מאָל אים איז די ביקס פון האַנט אַרויסגעפאַלן — שווער ווי דער טויט איז אים געווען דער געדאַנק יענעם צו טויטן . .

נאָר צו שוואַך איז ער געווען איבערצורייסן אַ פאָדעם פון זיין מזלס וועבשטול . . ער האָט פאַרקלעמט געזאָגט : ער מוז צום שלאַכטפעלד זיך צוריק אומקערן — זיינע רייד זיינען נישט געווען באַגלייט מיט טרערן . . נאָר ווען ער האָט גע־רעדט, האָבן זיינע יונגע אויגן געלויכטן, ווי ליכט וואָס האלטן באַלד באַם פאַרלאָשן ווערן — געקלונגען האָט זיין שטימע ווי בײַ אַ לעבעדיקן — נאָר מיר האָט זיך געדאַכט: דורך אים רעדט שוין די אייביקע צונג פון טויט — — —

## 1918

קוקט זיך צו צו די בערג — וועט איר דערזען: זיי זיינען נישט פון טויטע שטיינער, נאָר אָנגעזאַמלטע הויפנס פון מענטשלאַכע ביינער — —

קוקט זיך צו צום ים — וועט איר דערזען: דער שוים פון די כוואַליעס, קומט פון די ליפּן פון מתים, וואָס שעלטן די וועלט פאַר זייער פּריצייטיקן טויט — —

קוקט זיך צו, צו די פעלדער — וועט איר דערזען: די ערד איז נישט קיין שטומע מאַטעריע . . נאָר שיכטן אַף שיכטן פון פאַרשטיקטע ליידן — פאַרגליווערטע מענטשלאַכע ליידן — —

## די טויטע אַרמיי

(נאָכן איינגלישן)

איך זע פון דער ווייטן אַרמייען,
מאַרשירנדיק איבער דער וועלט,
זיי טראָגן קיין ביקסען, קיין שווערדן,
זיי ווייען מיט אומעט און קעלט
אַף אונזער פאַרזינדיקטער וועלט.
איך זע פון דער ווייטן אַרמייען,
אין ווייסן מיט שטרייפן פון רויט,
און אומעטום וואו נאָר זיי קומען,
צעשטערן זיי וואָס מען האָט געבויט —
די זיגער אַרמייען פון טויט.
איך הער די געשפּענסטער אַרמייען,
מיט קולות פון צאָרן און שפּאָט,
מאַרשירנדיק אַף לאַנד און אַף שטאָט;
די אייביקע טויטע אַרמייען,
פאַרשעלטן די מענטשן און גאָט.

# שטום לעבן

פאַרשידן זיינען די וואונדער

אַפּן בוים פון לעבן זיינען דאָ אַלערליי צווייגן. טייל רייסן זיך צום הימל, טייל בויגן זיך צו דער ערד, טייל זיינען ליידיק . . אַנדערע — מיט פרוכט באַשווערט — —

## קינינגרייכן

שפּינען וועבן קיניגרייכן פון שפּינוועבס, וואָס שימערירן ווי רעגנבויגנס — שאַפן קיניגרייכן פון זיך אַליין — — שפּינען וועבן פּאַלאַצן אַף גראָז, וואָס ציטערן ווי זילבערנע סטרונעס אַף גרינע האַרפן. אַף די סטרונעס שימערירן דימענטן פון טוי. שפּינען גלאַנצן אַרום פון פּאַלאַצן מיט גאָלדענע קרוינען. די זון גליטשט זיך אַלץ נעענטער, מיט פיבערדיקע ליפּן טרינקט זי אויס דעם ווייַן פון יעדן טראָפּן טוי — ביז זיי ווערן אויס — די ווינטן טאַנצן אַף די צאַרטע סטרונעס פון די אויסגעשפּינטע האַרפן, ביז זיי ווערן צעריסן — — און די קיניגרייכן פאַר־שווינדן, ווי אַ חלום פון אַ מענטשן — ווי מענטשן פון אַ חלום . .

## פּאַטום

אַ בין איז געפלויגן פון בלום צו בלום, זאַמלען זאַפט פאַר איר האָניק פאַרמעגן. ווען די בין איז צוריקגעפלויגן צו איר בינ־שטאָק, האָט אַ גרויסער הונט פון פוילקייט געטאָן אַ גענעץ — די בין איז פּונקט אין דער רגע געפלויגן דורך זיין גרוים מויל. דער הונט האָט צוגעמאַכט זיין לאַנגע מאָרדע און באַלעקט מיט זיין צונג די שאַרפע ציין — —

די בין איז מער צום בינשטאָק נישט געפלויגן — אַנדערע בינען וועלן מוזן דעם האָניק באַשאַפן — —

## ציטיק

רייפע בארן און צייטיקע עפּל. שווער באַלאָדן זיינען די צווייגן. איז נישטאָ ווער עס זאָל די פרוכטן פון די מידע צווייגן אָפּ־רייסן — פאַלן זיי צו דער ערד און צעקלאַפּן זיך ביז בלוט . .

## גראָז

איך בין קליין און שוואַך. מענטשן און חיות טרעטן אַף מיר. קאָסעס שניידן מיך. בהמות פרעסן מיך לעבעדיקערהייט — דאָך וואַקס איך. איך לייטער די לופט. מיין פרישקייט ברייננט גע־זונט און פרייד צו אַלץ וואָס לעבט. מיט מיין גרינער שיינקייט באַציר איך די ערד. איך מאַך ניט קיין טומל. דאָך בין איך שטענדיק טעטיק. איך זינג מיין שטיל געזאַנג וואו נאָר איך גיי אויף. איר מעגט אַלע טרעטן אַף מיר. איך וואַקס און פאַר־שפּרייט זיך איבער דער גאַנצער וועלט . .

## דער בוים

איך בין געשמידט צו דער ערד. מיינע וואָרצלען דערגרייכן טיפקייטן. איך רייס זיך צו דער זון. און פאַרשפּרייט אַ שאָטן אַרום זיך. אַף מיינע אָרימס בויען פויגל זייערע נעסטן. אונטער מיין שאָטן רוען מידע וואַנדרערער. דער ווינט שפּילט אויס זיין ליד פון שטורם אַף מיינע צווייגן. דער רעגן וואַשט מיין קאָפּ. די שטראַלן צערטלען און וואַרימען מיינע בלעטער. מיט מיין יעדן ציטער צעבלאָז איך דעם שטויב פון דער ערד. איך לייטער די לופט פון גיפט. איך בין די ריינקייט פון דער וועלט . .

## דער אַלטער בוים

שוין לאַנג זיינען פון אים די רייפע פרוכטן אַראָפּגעפאַלן. די יאָרן האָבן זיינע בעסטע זאַפטן שוין פאַרצערט. די ווינטן האָבן זיינע בלעטעלאַך צעבלאָזן. אין זיין שטאַם האָט אַ בליץ אַ גרויסע וואונד געלאָזן. זיין הויט, אַ צעביסענע פון ווערים, קנייטשט זיך ווי די הויט פון אַן אַלטן העלפאַנט. די וואָרצלען שוין לאַנג מיט קיין זאַפט גענערט, האָבן פון הונגער זיך אַליין פאַרצערט . . בלויז איין וואָרצל איז אין דער טיף געבליבן, וואָס האַלט דעם איינגעבויגענעם שטאַם נאָך אויף. און אַזוי שטיל, איינגעבויגן, ציט ער זיך צום הימל און חלומט פון אַ רעגנבויגן . .

## וואָלקנס

די זון שיינט און די הענער קרייען: ק־ו־ק־ע־ר־י־ק־ו־!
אָפּן בלויען הימל וואַנדערן אום קליינע, ווייסע שעפּסעלאַך און שוויַיגן. איינציקווייז ווערן זיי איינגעשלונגען פון אַ גרויסן, גרויען בער, וואָס צעלייגט זיך איבערן הימל. מיט אַמאָל קומט אָן דער ווינט אָן אויפגערעגטער, פאַר כעס צערייסט ער דעם גרויען בער, וואָס צעלייגט זיך איבערן הימל. מיט אַמאָל קומט איבערן הימל און שרייען מיטן ווינט: מע־ע־ע ! די הענער האָבן אומזיסט געקרייעט — עס וועט נישט זיין קיין רעגן — —

## רעגן

איך קום פון דער הויך, נאָכדעם ווי איך בין שוין געווען אין די טיפן פון טייכן און ימען. איך צעשפּרייט זיך איבערן הימל און פאַרשטעל אַף אַ ווייל די זון — נאָר באַלד צעגייט מיין האַרץ פון פרייד און מיט מיינע טרערן דערפריש איך די ערד. איך צוואָג די בוימער. פון מיר קריגן די וואָרצלען זייערע זאַפטן. איך דערפריש די גראָזן, איך קוש די בלומען. איך לאָז קיין זאַך פאַרדאַרן פון טריקעניש. מיט מיין זאַפט מאַך איך פרוכט־באַר די פעלדער. איך וואַש די שטיינער מיט מיין בלוט. און מיט מיין קאַלטן ווייַן קיל איך דאָס האַרץ פון יעדן זעמדל. איך שעפּ פון די גרויסע ימן און טרינק אָן די קלענסטע טייכעלאַך. איך בין אומעטום און באַלד ווער איך נישט. איך לייז זיך אויף און קום צוריק. מיט מיר קומט דער פרילינג. איך בין דער באַנייער פון דער ערד . .

## טוי

איך בין שוואַכער פון אַ גרעזל. פאַרגייענדיקער ווי אַ קאַפּריז. אָבער איך בין צאַרט, און בלענד מיט מיין אומבאַשטימטקייט. איך בין די שטילע תפילה פון דעם פרימאָרגן. איך בין קליין, דאָך שפּיגלט זיך אין מיר די גרויסע זון — — מיין האַרץ איז ווי דאָס האַרץ פון ים. אין מיר איז די שיינקייט און דער טרויער צוזאַמענגעמישט. איך שימעריר ווי אַ דימענט און בין לויטער ווי אַ טרער. מיין לעבן איז קירצער ווי דאָס לעבן פון אַ שמעטערלינג. אַ ציטער פון אַ בלעטל פאַרטיליקט מיך. אַ שטראַל פון דער זון לייזט מיך אויף. אָבער מיין שיינקייט איז איידעלער ווי אַ חלום — און אייביק ווי געטער — — —

# צו לויטערקייט
# דער וועג צו דיר

## דער געליטערטער

ער איז אַף קיינעם נישט בייז. קיינער קען אים קיין שלעכטין
נישט טאָן. די וואָס מיינען אַז זיי קענען זיין שלעכט צו אים,
האָבן אים פיל גוטץ געטאָן; זיי האָבן אים געהאָלפן פאַרשטיין
די חכמה פון דער וועלט — — די וואָס האָבן אים געוואָלט
דערנידעריקן, האָבן אים גאָר דערהויבן — ווייל אין זיין וועלט
ווערט אַלץ געמאָסטן מיט אַן אַנדער מאָס — —
באַליידיקן קען אים אויך נישט קיינער — ווייל ער איז דער
באַליידיקטער פון אַלע באַליידיקטע — —

## דער כח איבער זיך

באַשעפער פון אַלע וואונדער פון דער וועלט !
ווייז מיר אַ וועג ווי אַזוי זיך אַליין ניט צו שטיין אין וועג — —
גיב מיר געווג ליכטיקייט מיין אייגענע פינצטערניש צו דער־זען — — דורך מיין נשמה שיינט דאָס ליכט פון די צייטן —
נאָר איך אַליין בין אַ פלעק אַף דיין שיינענדיקער אייביקייט . .
מיין א י ך איז די וואַנט וואָס שטייט צווישן מיר און דיינע גרויסע וואונדער — — דערפאַר איז מיין געבעט: זאָל די טונקלקייט אין מיר קיינמאָל ניט פאַרבלענדן דאָס ליכט וואָס שיינט דורך מיר — —

באַשעפער פון אַלע וואונדער פון דער וועלט ! שטאַרק מיין ווילן צו שאַפן, נאָר ווען מיין אַרבעט איז געענדיקט, דאַן גיב מיר כח צו קענען זיך אָפּקערן אָן אַ זייט — כדי דער שאָטן פון מיין זיין זאָל ניט פאַרשטעלן דאָס ליכט וואָס דאַרף שיינען אייביק — — —

## ווער קען משפטן ?

אומשולדיק איז דער גוטער ווי דער שלעכטער. צופעליק האָט דער צופאַל געפירט דעם גוטן אַפן גוטן וועג, און דעם אַנדערן אַפן שלעכטן. אַלע ווילן גיין אַף גוטע וועגן, אויב טייל פאַר־בלאָנדזשען — ווער איז שולדיק ? קיינער קען קיינעם נישט אָנקלאָגן . . קיינער איז נישט במזיד שלעכט. קיין מענטש קען נישט אויסקלייבן זיינע וועגן. נ י ש ט מ ע נ ט ש ן פ י ר ן ז י ך אַ ף ו ו ע ג ן — ו ו ע ג ן פ י ר ן מ ע נ ט ש ן . . א ו מ ש ו ל ד י ק ז י י נ ע ן ד י ו ו אָ ס ט ר ע פ ן , פ ו נ ק ט ו ו י ד י ו ו אָ ס ב ל אָ נ ד ז ש ע ן — — —

# אַלץ איז גוט

וויפיל איר זאָלט ניט טאָן שלעכטץ, וועל איך אייך אַלץ פאַר־ענטפערן. אויסקעמפן וועל איך פאַר אייך פאַרגעבונג בא זיך אין האַרצן — — אויב קיינער וויים ניט, ווייס איך: אַז דאָס שלעכטע איז אויך צוליב דעם גוטן. אַפילו דער רויבער וואָס שטעלט איין זיין לעבן, פאַר־צערט ניט אַליין זיין רויב; ער ברייגגט די פרוכט פון זיין מי צו זיין ווייב און קינד. יעדער איינער טוט שלעכטץ, כדי דערנאָך דאָס אויסצובייטן אַף גוטץ — פאַר די, וואָס ער האָט ליב . . אַ מענטש איז שלעכט צו איינעם, כדי צו זיין גוט צו אַ צווייטן. דורך אַנדערע זינדיקן מיר אָפט קעגן זיך. נאָר דורך אַלע זינדיקע וועגן גייען מיר צו הייליקייט — — אַלע זוכן מיר בלויז דאָס גוטע פון דער וועלט — נאָר דער צופאַל פירט אונז אַף פאַר־דרייטע וועגן. אויב ווער פון אייך האָט פאַרבלאָנדזשעט און געטאָן שלעכטץ, וועל איך אויסלייטערן אייערע זינד בא זיך אין האַרצן . . און אויב די גאַנצע וועלט וועט אייך פאַראורטיילן, וועל איך אייך פאַרגעבן . . ווייל איך בין דער זינדיקער פון אַלע זינדיקע — — —

# מיין שאָטן

דורך אייער טעות אַנטפּלעק איך מיין אמת. ווייסט, אַז איר זענט נישט מיינע שונאים, שטענדיק זענט איר מיינע פריינט. ווייל דער מיט וועמען איר זענט אין קריג, איז נישט מיין איך — נאָר אייער בלינדער ווילן — — איך וויל זיך מיט קיינעם נישט קריגן. אַ מלחמה פיר איך בלויז מיט זיך אַליין — — דעם וועמען איר האַסט, איז נישט איך — נאָר מיין בלענדיקער שאָטן . . דעם שאָטן וואָס איר האָט אַרויסגערופן צוליב אייער קריג — — איך אַליין בין ריין, ווי איך וואָלט ערשט אַרוים פון גאָטס האַנט. אַף מיין אמתן איך קען קיינער נישט זאָגן קיין בייז וואָרט. און קיינער קען נישט זיין מיין שונא.

## ווי לאַאָ טסע זאָגט:

דאָס קליינע איז גרעסער פאַרן גרויסן,
ווען דאָס קליינע איז עכט,
ווי אַ טראָפּן טוי אַף אַ בלאַט פון אַ בוים.

אין אַ קליינעם ווינקל קען מען זען די וואונדער
פון דער גרויסער וועלט,
ווען די אויגן זיינען לויטער ווי אַ וואַסערפאַל.

פיל גרעסער איז דער, וואָס וויל נישט גרויס ווערן
אַפן חשבון פון יענעמס קליינקייט,
ווי דער, וואָס איז גרויס און לאָזט אַנדערע נישט גרויס ווערן.

פיל הייליקער איז דער, וואָס טוט נישט קיין תפילה,
און טראַכט אַלעמאָל: אַז ער אַליין איז זינדיק —
ווי דער, וואָס טוט תפילה און מיינט, אַז זינדיק זיינען אַנדערע.

בעסער איז נישט דער מענטש וואָס טוט גוטץ
דער גרויסער, וויטער וועלט,
גוט איז דער: וואָס טוט נישט קיין שלעכטץ
זיינע נאָענטע — — —

## פאַרויסבאַשטימט

גרויסער באַשעפער! גיב מיר כח צו פאַרגעבן די אַלע וואָס זיינען געווען שלעכט צו מיר. די וואָס האָבן אַף מיר גערעדט בייזע רייד.. און יענע וואָס האָבן גורם געווען איך זאָל מיך אַנטוישן אין זיך אַליין.. פאַרגיב מיינע פריינט וואָס האָבן מיך פאַרראַטן און מיינע שונאים וואָס האָבן מיר ווי געטאָן — ווייל זיי האָבן אַנדערש נישט געקענט — — איך פאַרגיב זיך אַליין וואָס כבין נישט געוואָרן דאָס וואָס איך האָב געוואָלט זיין — — און דיר גרויסער האַר, פאַרגיב איך די זינד וואָס דו האָסט מיך באַשאַפן — ווייל אויך דו האָסט אַנדערש נישט געקענט — —

## איך און שטויב

פון משה און בודהאַ איז געוואָרן שטויב. פון לאַאָ טסע, סאָקראַט און קריסטוס איז געוואָרן שטויב . . פון מיר און אַלץ וואָס איך באַריר וועט ווערן שטויב — — די קראַפט וואָס שאַפט און צעשטערט און באַשאַפט אַלץ אויפסניי, שאַפט אויך דורך שטויב. דער באַשעפער אַליין טווישט זיך אפשר איבער דורך שטויב . . אין דעם בייטן פון די צייטן . . גוט צי שלעכט — אמת, אָדער ליגן — אילוזיע . . אָדער רעאַל — אַלץ ווערט אויפגעלייזט אין שטויב — ווערט דערלייזט דורך שטויב — — — —

## דאָס געזאַנג פון שטילע ווייטן

נישט ווען מיר קוקן זיך אין די אויגן, דאַרפן מיר זיין באַהעפט איינער מיטן אַנדערן — נאָר ווען מיר צעגייען זיך, יעדער אין זיין ווינקל, דעמאָלט דאַרפן מיר ווערן נאָענט איינער מיטן אַנדערן און ריידן צווישן זיך דורך פאַרביינקטע ווייטן . . און זאָגן איינער דעם צווייטן אַזוינס, וואָס איז צו פיין פאַר ווערטער. וואָס מען קען בלויז א ו י ס ש ו ו י י ג ן  א י ן  ד ע ר  ט י ף פ ו ן  ש ט י ל  ה אַ ר צ י ק ע  מ י נ ו ט ן . . ווען פאַר פרייד צעזינגען זיך די בלומן — — —

## לאָמיר בענטשן די וואָס טוען שיין

גוט וואָס מען קוקט מער נישט אַרויף צו קעפּ,
פאַרשטאָפּט מיט פאַרשימלטער תורה . .
בעסער נאָך וואָס מען רייסט אַרונטער די קרוינען,
פון פאַרריסענע, ליידיקע קעפּ . .
נאָר שלעכט, וואָס מען קרוינט מיט נייע קרוינען,
קעפּ פון קעמפער קעגן קרוינען — —
ערגער נאָך וואָס קעמפער קרוינען זיך אַליין
פאַר קעניגע פון קאַמף און שרייען:
מיר פעכטן פאַרן איינציקן גערעכטן . .
געבענשט זאָל זיין די וואָס שטעלן זיך איין
פאַר דעם וואָס איז גערעכט —
נאָר געבענטשטער זאָלן זיין זיי:
ו ו אָ ס  ט ו ע ן  אַ ל י י ן  ו ו אָ ס  א י ז  ר ע כ ט — —

# אונזערער

ווייל יענע נאַכטיקע נשמות האָבן אים פינצטער פאַרשטאַנען,
מיט דערנער באַקרוינט זיין נביאישן קאָפּ — ווייל אונזערע
שונאים האָבן אים אויסגעצויגן אַף אַ קרייץ. געבאָדן אים אין
זיין אייגן בלוט, דערפאַר דערקענט איר אים נישט ? ווייל
קראַנקע האָבן אויסגעטראַכט בייזע לעגענדן אין זיין נאָמען,
געקרייציקט פעלקער מיטן קרייץ — דערפאַר דערקענט איר
נישט זיין ליידנדיק געשטאַלט ? קוקט אין זיינע פאַר'צער'טע
אויגן, וועט איר דערזען דעם טרויער פון דער גאַנצער ראַסע . .
און אים דערקענען פאַר אַ ברודער — — אַ געקרייציקטער
ברודער, מיט אונזער מזל — דורך ליידן צו לייטערן די וועלט —
אונזער נביא, פון יאָרן לאַנג פון אונז אַ נישט דערקענטער . .
די צייט וואָס פליסט מיט טייכן בלוט און טרערן, האָט שוין
אָפּגעוואַשן דאָס בלוט פון זיין מאַרטירער פנים —- אָפּגעשוויינקט
די דערנער פון זיין קאָפּ. וועט איר היינט אַף אים אַ קוק טאָן,
וועט איר דערזען, וואָס מען האָט נאָך נישט זוכה געווען צו
זען — די ווייטסטע נבואה פון די צייטן: ווען מענטשן וועלן
אַנטדעקן דעם עכטן מענטשן — — —

# דער פרעמדער

וואָס שרעקט איר זיך אַזוי פאַרן פרעמדען ? ער איז אפשר
אייער בעסטער פריינט — ער קומט לויטער ווי דער פרילינג
מאָרגן, אומבאַפלעקט ווי אַ נאָך נישט געלעבטער היינט — —
נישט טראַכט דער פרעמדער איז אַ שלעכטער — נישט מיינט
ער האַלט אַ בייזן סוד פאַר אייך — אפשר איז ער אַ דערלייזער..
און ברייגנט אַ נייע האָפנונג פאַר אייך — —
קיין בייזע צונג האָט אים נאָך נישט באַפלעקט . . קיין אומריינע
האַנט האָט אים נאָך נישט באַרירט — — ער קומט אַ גלויביקער
אַ ריינער — גלויבן אין ריינקייט וויל ער געפינען באַ אייך . .
ער איז אַ לויטערער — אַ שיינער . . און ליכטיקט מיט
פאַרבאָרגענע וואונדער — —
פאַרטרייבט דעם שרעק מיט אַלע ווינטן — פאַרן פרעמדן זייט
מיט הייליקייט געגרייט . . ער קומט יעדן טאָג ווערן אייער
פריינט — ער טראָגט פאַר אייך אַן אומבאַקאַנטע פרייד — —

## רעדן און טוען

נאך באלטאזן האל

א פראפעסאר האט אמאל ארויסגעזאגט א גרויסן געדאנק. די צייטונגען האבן וועגן דעם געשריבן. באלד האט מען די צייטונ־גען אוועקגעווארפן און דער געדאנק איז פארגעסן געווארן.
האט ער דעם געדאנק געדרוקט אין א בוך. האט זיך אויף דעם בוך אנגעקליבן א סך שטויב אין די ביבליאטעקן און דער גרויסער געדאנק איז ווידער פארגעסן געווארן.
האט ער דערנאך געלאזט אויסקריצן זיין געדאנק אויף א שטיין פון גראניט. איז די שפראך אונטערגעגאנגען און דער גרויסער געדאנק איז ווידער פארגעסן געווארן.
א נביא האט געהאט א גרויסן געדאנק און אים געוואלט איינ־פלאנצן אין די הערצער פון מענטשן, זענען די מענטשן אויף א ווייל געווארן באגייסטערט און דעם געדאנק אויך פארגעסן.
אין א צייט ארום איז געקומען א נביא און געזאגט א פשוטווארט און געטאן אזוי ווי ער האט געזאגט . . און ער איז געווארן פאר־אייביקט בא אלע מענטשן.

## דער גוטער מלאך

ווען דער צדיק איז געקומען אויף יענער וועלט, האט ער געוואלט דערציילן זיין צער פון דער וועלט. האט מען אים געהייסן אויס־רעדן זיין הארץ פאר א גוטן מלאך. האט ער אים דערציילט:
אז צו קיין ווייב האט ער נישט געהאט קיין מזל . . זי איז געווען א מרשעת. לאנג געמאכט זיינע טעג . . און אים פארקירצט דאס לעבן. זיינע קינדער זענען געגאנגען אויף פרעמדע וועגן. פרנסה האט ער געהאט ווי אן ערלאכער מאן צווישן שווינדלער. די אנדערע צדיקים האבן וועגן אים געטריבן רכילות און געמאכט צו שאנד זיין נאמען. געווארן קראנק פון מענטשלאכער פאלש־קייט . . געהאט עגמת נפש פון הערן ווי מענטשן האלטן אין איין זאגן ליגן און נארן זיך איינע די אנדערע . .
ער האט גערעדט און גערעדט, ביז ער האט אויסגערעדט זיין גאנצע נשמה. דער מלאך איז געשטאנען רואיק און אים נישט ארויסגעוויזן די מינדסטע מינע פון מיטלייד.
האט ער זיך שטארק געוואונדערט. נאר מיט אמאל האט ער עפעס דערזען, וואס האט אים געמאכט צו שווייגן:
דער מלאך צו וועמען ער האט גערעדט, האט נישט געהאט קיין אויערן . .

## דער זין פון לעבן

(נאכן איינגלישן)

ער האָט דעם אַלטן חכם געפרעגט:
וואָס איז דער זין פון דעם מענטשנס זיין אַף דער וועלט? דער חכם האָט געגלעט זיינע טיפע קנייטשן און געזאָגט:
איך בין שוין צו אַלט מיט צווייפלען און צו מיד פון אַנטוישונג, האָב דעם זין פון לעבן שוין לאַנג פאַרגעסן.. און אפשר האָב איך אים קיינמאָל נישט געוואוסט? אַמאָל דאַכט זיך מיר, אַז דער זין פון לעבן איז דער אומזין.. נאָר בעסער גיי צו מיין זון, ער איז יונג און גלויביק, אפשר וועט ער דיר דערקלערן.
ווען ער איז געקומען צום זון, האָט ער אים געענטפערט:
אַקעגן מיין אַלטן פאָטער בין איך אַ יונגער נאַר. איך האָב קיינ־מאָל נישט געזוכט דעם זין פון לעבן, איך האָב בלויז געוואָלט לעבן.. טאָ ווי אַזוי קען איך וויסן פאַרוואָס מיר לעבן? גיי צו מיין טאָכטער, זי האָט אַ קינד, קלוג ווי די וועלט, אפשר וועט דאָס קינד דיר אויסזאָגן דעם סוד פאַרוואָס מיר לעבן.
איז ער געגאַנגען און געפרעגט:
קינד מיינס, ווייסטו דעם סוה צוליב וואָס מיר לעבן? דאָס קינד האָט אויף אים אַ קוק געגעבן מיט קלוגע אויגן און געוואָלט עפּעס זאָגן.. נאָר דאָס וואונדער קינד איז געווען צו יונג און נאָך נישט געקענט רעדן.

## אַריין, אַרוים און אוים

מען האָט אויף אים געזאָגט: ער איז שוין אַלט מער ווי הונדערט יאָר. ער האָט אַ סך אידן איבערגעלעבט, זיי מטהר געווען און געבראַכט צו אייביקער רו. נאָר ווען ער האָט דערפילט, אַז עס קומט זיין לעצטע שעה — זענען צו אים געקומען זיינע פריינט, האָבן זיך געזעצט בא זיין בעט און איינער האָט אים געפרעגט:
קענט איר אונז אפשר זאָגן אַצינד ווי אַלט איר זענט?
ער האָט אַף זיינע פריינט אַ שטאָרן בליק געגעבן און געזאָגט:
זייט זיך מטריח און עפנט אויף די טיר.
מען האָט די טיר געעפנט.
זייט אַזוי גוט און פאַרמאַכט זי צוריק.
מען האָט די טיר צוריק פאַרמאַכט.
ער האָט שווער אָפּגעזיפצט: אַזוי לאַנג האָב איך געלעבט..

## זינד

דורך די וועגן פון זינד צום סוד פון אַלע סודות.
דורך זינד מיין לוין און מיין שטראָף. (די גרעסטע זינד פון אַלע איז זינדיקן קעגן זיך אַליין . . מע זינדיקט קעגן זיך אַליין דורך וועלן זיין געטלאַך ריין.)

דורך מיינע זינד וועל איך וואונדער ווייזן: פון זיי צינדן אייביקע פייערן. זיי וועלן קאַשערן און פאַריומטובן די וואָכענדיקע וועלטן. פון די פייערן וועלן פלאַקערן פלאַמען פון דור צו דור. מיליאָנען וועלן געלייטערט ווערן און דערזען דאָס ליכט פון נייע שטערן. פון מיינע זינד וועלן אַרויסוויינען ביינקשאַפטן. לידער וועלן אַרויסזינגען. דורך מיינע זינד וועל איך באַשאַפן אַ צייכן פאַר די צייטן . . דורך מיינע זינד דערגיין צו די אייביקייטן — —

## אומבאַשטימט

די האַנט וואָס האָט מיך דאָ אַהערגעפירט, האָט נישט באַשטימט ווי קליין, אָדער גרוים איך זאָל זיין . . בין מיט די יאָרן אויסגע־וואַקסן אין דעם דרויסן אַריין — אינערלאַך פאַרבליבן אומבאַ־שטימט — — אַמאָל וואַקס איך אויס, אַז דער הימל איז צו נידעריק פאַר מיר . . אַמאָל פיל איך: אַז אַ מויערקעפּל איז פאַר מיר צו גרויס — — —

## צוליב דעם אמת

פאַר יעדן נייעם אמת וואָס זיי האָבן איבער דער וועלט צע־טראָגן — האָט מען אַף זיי שטיינער געוואָרפן . .
אָ, בלינדע מענטשן ! זאָל אייך דער באַשעפער געבן כח שטיינער צו וואַרפן — יענע זאָל ער שטאַרקן ווייטער נייע אמתן צו־טראָגן — — —

## אויסגעלאַכט

פאַר דאָס שלעכטע אין מיר האָט מען מיך געלויבט און כבוד אָפּגעגעבן. דאָס גוטע אין מיר האָט מען נישט פאַרשטאַנען און נישט אָנערקענט — — האָב איך דעם כבוד און דעם לויב אויסגעלאַכט . . און אָפּגעהיט דאָס נישט פאַרשטאַנענע — —

## ווי̇סן און געוויסן

דרייט איר דאָס פאַרבן־ראָד צו גיך,
פאַרמישט איר פאַרן אויג די פאַרבן.
לויפט איר צו האַסטיק איבער דער ערד,
פאַרזעט איר די טיפע קאַרבן — —
מאַכט עמיצער ווינט פון זיינע ווערטער,
וויל ער געווינען אַף אַלע ערטער . .
די וועלט האָט ראַנדן און גריבער,
זעלטן קען מען איבער זיי אַריבער.
נאַרן יענעם און זיך אַליין —
מיינט צו זיין פאַלש און געמיין.
הויך פאַרשטיין מיינט צו זיין אַליין . .
טיף ווי̇סן מיינט געוויסן — — —
צו זיין שיין מיינט צו זיין ריין
און איידל געניסן — — —

## צו לויטערקייט

צו וואָס מענטש, קענסטו זיך דערהויבן ? אַז דיין העכסטער ציל צו וואָס דו ציסט זיך, ציט דיך אויך צו דער ערד . . ווי קענסטו זיך לייטערן צו שיינקייט, אַז די וואָס זיינען אַרום דיר, מאַכן מיט זייער בלינדקייט דאָס שענסטע אין דער וועלט צו אַש — —
דאָך מאָנט אין דיר אַ שטים פון דורות און זאָגט:
זיי דו אַ פלאַם צווישן דעם אַש פון דער וועלט . .
אויב עס זיינען אויסגעלאָשן די לויטערע פייערן, זאָלסטו זיך לייטערן אין דיינע אייגענע פלאַמען.
אויב די וועלט איז פאַר מענטשן פאַלש און פינצטער, זיי דו פאַר זיי אַ פייער־זייל אין דער עלנטער נאַכט . . און די וואָס בלאָנדזשען דורך אַש און שטויב, זאָלסטו דערפירן צו דער פרייד פון לויטערקייט — —

# גאַנדהי

א פאָלק קעגן א פאָלק וועט ניט הייבן א שווערד,
און מע וועט ניט מער לערנען מלחמה.

ישעיה.

ווייל ער האַלט הייליק דאָס בלוט פון יעדן וועזן וואָס לעבט —
ווילט איר פאַרטויבן דעם גלויבן אין זיין הייליקייט?
ווייל ער וויל זיין פאָלק אָן ביקסן באַפרייען —
ווילט איר אים מיט ליגנס פאַרשרייען?
געוואוינט זענט איר צו גוואַלט —
הייסט בא אייך העלדנמוט:
צו פאַרגיסן מענטשן־בלוט.
דער כח פון לויטערן גייסט איז אייך פרעמד און ווייט:
קינדער פון דער בלוטיקער צייט..

ער וויל גייסט און טרייסט פאַר די צייטן.
נאָר הייגט — ווען די וועלט איז ווי א שיינק מיט שכורים,
וואָס זענען צעקריגט — קען יעדער וואוילער יונג,
אויף אים שאַרפן זיין בייזן צונג.
מיט אומריינע רייד זיין געשטאַלט פאַרמיאוסן.
און מיט געשרייען פאַרשרייען די שטילע שטים פון געוויסן.
אַלץ ווייל ער וויל דערלייזן די וועלט אָן גוואַלט.

זאָגט: אַז די וועלט איז מיט אומרעכט באַפלעקט,
קענט איר זי מיט בלוט מאכן ריין?
אַז די מענטשן סמ'ען זיך מיט האַס —
קענט איר דורך פינצטערן האַס
צו ליכטיקער ליבשאַפט דערגיין?
צי רעדט איר בלויז די געקליגלטע רייד,
צו פאַרשטעלן אייער בלינדן ווילן..
ווי מען פאַרשטעלט א שווערד מיט א שייד?

אייערע ווערטער זיינען וואויענדע ווינטן דורך צעפּאַלענע פעלזן.
זיינע ווערטער זענען ווי די פעסטע פעלזן אַליין.
אייערע געדאַנקען זענען ווי יעגער און אויסגעשפּרייטע נעצן.
זיינע געדאַנקען זענען ווי תפילות און אויסגעביינקטע געזעצן.

פאַרשטעלט איז פאַר אייך זיין ליכט —
ווייל איר ליידט נאָך אין דער פינצטער.
איר קענט נישט דערגיין צו זיין לויטערן אמת —
ווייל איר שטייט זיך אַליין אין וועג מיט אייער שקר.
צופיל זענט איר פאַרשיכורט מיטן אָפּיום פון קריג,
זיך צו קענען לאָבן מיט די לולקעס פון שלום.

ער וויל פירן די פעלקער צו דער זון פון פרידן . .
קענט איר דען די זון אויסלעשן ?
וועט איר כיטרע גערעכטע . . פאַרבלענדן בלינדע
מיטן גלאַנץ פון שווערד—אין דעם שטרעבן צו אַ ה י מ ז אַ *
וואָס פאַר אַ טרייסט וועט בלייבן
פאַר די קינדער אויף דער ערד ?

ווי די טייכן שטראָמען צום ים —
אזוי פירן סיי ווי אייערע וועגן צו זיין וועג . .
זיין גאַנג איז, וואו עס זענען געגאַנגען :
בודהאַ, ישעיה, סאָקראַט, יעזוס און אַלע געהייליקטע פון דורות.
און נאָך לאַנגן בלאָנדזשען אויף פילע וואָגלדיקע וועגן,
וועט זיין ליכט אייך פירן :
פון דער קלוג־פאַרשטעלטער חיה . .
צום אמת געלייטערטן מענטשן — —

*) אהימזא מיינט: אן גוואלט.

# דער וועג צו דיר

## דער אייביקער וועג

דער וועג צו דיר איז אַ ווייטער, אַ געדרייטער. אָפּגרונטן אַף ביידע זייטן. שרעק און פיבער די באַגלייטער. אַט ווערט פינצ־טער, באַלד צוריק ליכטיק. אַט פאַלט מען, באַלד שטייט מען אויף. גייענדיק ווערט מען פון גרוים קליין, פון קליין גרוים. געלייטערט און פאַרדאָרבן, אַ העלד און אַ קרבן.

פון קינדוווייז אָן בין איך געגאַנגען דעם לאַנגן וועג צו דיר. צו דיר, ווען איך בין געגאַנגען אין חדר. צו דיר, ווען איך האָב פאַרלאָזן מיין מאַמעס הויז. די אַלע שטעט און לענדער וואָס איך האָב דורכגערייזט, איז דאָס בלויז געווען זיך צו דערנענטערן צו דיר — מיין גאַנצן לעבן גיי איך אַף דעם וועג צו דיר, דאָך בין איך פון דיר נאָך אַזוי ווייט — יעדעס מאָל ווען מיר שיינט, איך בין שוין נאָענט צו דיין שוועל, הויבט דער וועג זיך אָן אויפסניי.

איז דער וועג צו דיר אומענדלאַך ?
קיינער ווייסט נישט . . נאָר מעג דער וועג זיך קיינמאָל נישט ענדיקן, וועל איך אייביק גיין צו דיר — — —

## דורך פינצטערניש

ווען מיינע אויגן האָבן געזען, האָב איך דיך נישט געזען — האָר פון אַלע וואונדער ! אומעטום האָב איך בלויז געזען זיך און פון זיך אַליין געטראַכט. נאָר ווען אַ פינצטערניש איז אויסגעוואַקסן פאַר מיין נשמה . . און אַלע פאָרמען און געשטאַלטן האָבן זיך אויפגעלייזט פאַר מיינע אויגן, האָב איך דערזען: אַז קיין זאַך איז נישטאָ — נאָר דו — —

## דער אייביקער רינג

מיין זין באַנעמט נישט, פאַר וואָס דו האָסט פאַר מיר באַשאַפן צוויי רינגען. אַ רינג פון ליכט און אַ רינג פון שאָטן. צווישן זיי מוז איך אויסברייינגען מיין לעבן. נאָר ווערט מיר איינג, מיר דאַכט, עס וועט מיך אינגאַנצן איינקלעמען דער רינג פון פינצ־טערניש, דערזע איך פלוצלונג דעם שיין פון דיין ליכטיקייט און עס גייט אויף אין מיר אַ טרייסט: באַלד וועל איך זיין מיט דיר אין דעם אייביקן רינג — — —

## זעלבסט פאַרטרויען

זיי ווילן מיר טאָן בייז, אָבער זייער בייזקייט וועט מיך נישט דערגרייכן. ווייל די וואָס האָבן מיר נישט געקענט טאָן קיין גוטס, די קענען מיר אויך נישט טאָן קיין שלעכטץ. זיי קענען בלויז מאַכן לייגנער דעם וועג צו דיר פאַר מיר — — וועל איך שפּאָרן פון זיי מיינע שעה'ן, וואָס אַ טאָג זיך מער דערווייטערן פון זיי — און מיט שטילע טריט זיך דערנענטערן צו דיר — —

## די פראַגע

זינט איך האָב זיך דערווייטערט פון דיר — עס איך מיין אייגן לייב און טרינק מיין אייגן בלוט. אַ געלייטערטער וועל איך קומען צוריק צו דיר, אָן אַ סימן פון גוף . . אָן אַ פלעק פון בלוט — בלויז מיט דער איינציקער פראַגע: פאַר וואָס ?

## מ אַ י אַ

ווער קען דיך פאַרשטיין ? ביסטו דאָס, וואָס האַלט אין איין פאַרגיין? צו ביסטו דאָס אייביקע לעבן? ביסטו אפשר דאָס וועלן וואָס קען נישט זיין ? צו דאָס וואָס האַלט אין איין געשען ? אָדער ביסטו דאָס אַלץ איניינעם ? אָ, וואונדערלאַכע מאיא ! דו אַנטפלעקסט זיך נישט פאַר קיינעם — — —

## דער אויסגעבייינקטער

וואָס דאַרפן דיך די זאַטע און די קלוגע ? אַז יעדן טאָג האָבן זיי אַ נייעם אומזין — און יעדע נאַכט אַ נייע זינד — איך דאַרף דיך, ווייל מיינעליידן האָבן דיך אויסגעבייינקט — — —

## מיט די אויגן פון האַרץ

זיי זאָגן אַז אַלץ וואָס איך טו, איז נישט לויט זייער מוסטער,
אָבער זיי ווייסן נישט, אַז זייער מוסטער וועט פאַרגיין, ווי אַ
מענטש — מיין ווילן איז:
אַז אַלץ וואָס איך טו, זאָל זיין לויט דיין מוסטער — וואָס איז
אייביק — —
זיי זאָגן, אַז איך ווידערשפּרעך זיך — אָבער זיי ווייסן נישט,
אַז ווי צוויי צווייגן וואַקסן אַרויס פון
איין בוים — אַזוי איז אַן ערלאַכער
ווידערשפּרוך צוויי אמתן פון איין
מענטשן — — —

## בלויז אַ בליץ

אויף איין זייט האָסטו געשטעלט דעם טויט, אויף דער צווייטער
זייט דיין אומבאַגרייפלאַכע אייביקייט. צווישן זיי דרייט זיך
אייביק אַ קייט פון גרויסע אומזין־רינגען און קליינע רינג־
לאַך זין — שוואַך און דין, ווי דאָס געוועב פון אַ שפּין — אין
צווישן דעם גרויסן אומזין בליצט אַ פונק פון פרייד, וואָס גיך
פאַרגייט — ווי אַ שוואַכער פלאַם אין דעם אומענדלאַכן ים:
צופאַל — — —

## די פּראָבע

האָסטו אונז אַהער געשיקט אויף אַ שווערער פּראָבע: אַליין צו
באַשאַפן אונזער פרייד. אונזערע וועגן — פאַרדרייט. אונזערע
אמתן צעמישט — — אונזער ווילן בלינד, וואָס רייסט זיך
צום אומבאַקאַנטן — —
איבער אונזערע טעג האָסטו אויפגעהאַנגען די שווערד פון טויט,
איבער אונזערע נעכט — דעם שפּיז פון אומזין . . שקלאַפן פון
צופאַל — ווילן אַזוי פיל און ווייסן נישט וואָס צו וועלן — —
אונזער פייער דאַרף ערשט ווערן ליכט . . צו דערזען דאָס ליכט
פון צווייטן — — האָסטו אונז אַהערגעפירט צו בלאָנדזשען
און קיין צייכן נישט געגעבן . .

## פּאַטאַל

דאָס גאַנצע לעבן האָב איך אויסגעשטרעקט מיינע הענט צו
דיר — זיינען זיי געבליבן הייננען אין דער לופטן . . מיט אויס־
געשטרעקטע הענט האָב איך געזונגען פון ליבע — מיט
צונויפגעדריקטע פויסטן האָב איך געזונגען פון האַס אין דער
נאַכט אַריין. און נאַכט נאָך נאַכט קלאָגט מיין האַרץ . .
און משפט דיך און דיין באַשאַפונג . . הייננען וועלן מיינע הענט
אין דער ליידיקייט ביז וואַנען דו וועסט אויסשטרעקן ד י י ן
א י י ב י ק ע  ה א נ ט .

## האַס

האָסט מיך געשטראָפט מיט צופיל ליבע. קרייציקט מען זי יעדן
טאָג — — מיט וואָס קען איך זי באַשיצן ? צו שוואַך איז די
ליבע זיך קעגנצושטעלן דעם בייזן. באַשעפער פון אַלע ניסים !
האָסט מיך געשטראָפט מיט שוואַכקייט פון צופיל ליבשאַפט —
און בין דערפאַר געוואָרן פון אַלעמען באַזיגט . . טאָ גיב מיר
דעם כח פון קרעאַטיוון האַס, וואָס זאָל מיך שטאַרקן אין דער
מלחמה מיט בייזווילן און ליגן.

## פון דיר צו דיר

איך אַנטלויף פון דיר און געפין אומעטום אַ בלענדיקן מדבר,
איך לויף צו אַ קוואַל — און דערזע אַ גיפטיקן זומפּ . .
איך אַנטלויף צו מענטשן און געפין פאַרשטעלטע חיות —
וואָס קעמפן איבער געפאַרבטע לעכלאַך פון אויסגעטראַכטע
בייגל — — —

איך אַנטלויף צו זיך און קען בא זיך קיין אָרט נישט געפינען . .
אַנטלויפן פון זיך ?
בין איך געבונדן מיט בלינדע תאוות — — לויפנדיק פון דיר
ביינק איך שוין צוריק אין דיין קיניגרייך — —
נישטאָ אין ערגיץ קיין טיר צו אַנטלויפן פון דיר . .
דו ביסט אומעטום . .
אין אַלע דרויסנס, און אַף אַלע וועגן און שטעגן — —
וואוהין איך זאָל נישט אַנטלויפן —
לויף איך אַלץ פ ו ן  ד י ר  צ ו  ד י ר — —

## איבערשאַפונג

האָב אויסגעמידן אַלץ וואָס גיט מענטשן פרייד אַף דער וועלט.
אַף דיין גרויסער ערד געבליבן מיט גאָרנישט אַליין — —
בלויז צום וואָרט זיך איבערגעגעבן. האָב זיך גענומען מיט ערנסט
ווי דו אַליין — מיטן וואָרט איבערצושאַפן דיין געלונגענע
וועלט . . האָסטו נאָך נישט אַלץ אָפּגעטאָן מיט דעם, וואָס דו
האָסט מיך באַשאַפן. איך, דיין אומפּולקאָם באַשעפעניש, דאַרף
דורך זיך ערשט איבערשאַפן דיין וועלט . . מיט זיך אַליין — —

## אין געוועב פון מזל

מיין גאָט ! פאַרוואָס האָסטו מיך אַזוי געשטראָפט:
אַז געפאַנגען זאָל איך זיין בא זיך אַליין ?
און שטענדיק דאַרפן פאַרקלעמען מיינע פאַרלאַנגען ?
פאַרוואָס די וואָרצלען פון מיין לעבן אונטערגעשניטן ?
און פאַרביטן מיין ביסל גליק אַף אַזויפיל צער ?
דאָס שפּינדל פון מזל האָט זיך אַלעמאָל געדרייט קעגן מיר . .
און דו האָסט נישט באַוויזן קיין וואונדער: צו הייסן דרייען אַף
צוריק — —
דו האָסט צוגעזען: ווי איך האָב קיינמאָל נישט געטראָפן,
וואו איך האָב געצילט — פאַרוואָס האָסטו דערלאָזן,
אַז אין פאַטאַלן שפּיל פון לעבן זאָל איך האָבן
זיך אַליין פאַרשפּילט ?
מיין גאָט ! מיין הילפלאָזער גאָט — — —

## דער אויסגעביינקטער

נישט דער גאָט פון דער ביבל — ער איז ווייט און פרעמד . .
נישט דער גאָט פון די פילאָזאָפן — ער קען נישט טרייסטן . .
נישט דער גאָט פון די טעמפּלען — ער קען נישט ווערן אייגן . .
נאָר דער גאָט וועמען מיר זוכן — און קענען נישט געפינען . .
דער גאָט נאָך וועמען מיר ביינקען אין שעה'ן פון טיפסטן צער—
דער גאָט איבער אַלע געטער . . וואָס מיר ווילן קענען —
און קענען נישט באַנעמען — — —

## דער זיג זאַג פון לעבן

פריער כאַאָס און פוסטקייט. נאָך דער פוסטקייט רגע'ס פרייד.
נאָך דער פרייד — פיין, בייגקשאַפט און טרויער,
נאָך דעם טרויער — פינצטערניש אַף אַלע וועגן.
נאָך דער פינצטערניש — ליכט . . ליכט פאַר מיר —
אַף אַלע וועגן צו דיר — — — —

## נישט קיין אויסגעטראַכטער

נישט אין שול, נישט אין טעמפּלען, וואו מענטשן פאַרזאַמלען זיך צו ריידן שיינע רייד — וויל איך מיין גאָט געפינען . . נאָר אין מיין צימער, צווישן די איינגע ווענט . . וויל איך מיין גאָט געפינען — —

נישט אין חלומות, נישט אין די הויכע הימלען, וויל איך מיין גאָט דערזען — נאָר ווען אַ מענטש גיט מיר זיין האַנט און איך קוק אַריין אין זיינע אויגן . . וויל איך מיין גאָט דערזען — —

נישט אין דעם געזאַנג פון קינסטלער, נישט אין דער מוזיק פון ווייטע ספערן — וויל איך די שטים פון מיין גאָט דערהערן . . נאָר אין די איינפאַכע ווערטער:

גוטמאָרגן.

ווי פילסטו היינט ?

אַ גוטע נאַכט.

וויל איך די שטים פון מיין גאָט דערהערן — — — —

# אין רינג פון ליבע

## מיסטעריע

איך ווייס נישט צו ביסטו ענלאך צו אלע מענטשן —
צי ביסטו א גאט . . אדער די אילוזיע פון אלע אילוזיעס.
איך פיל נאר: דארט וואו דו ביסט — דארט איז דאס ליכט פון
דער וועלט . .
דארט וואו דו ביסט נישט —
איז דער טרויער פון דער וועלט . .
און וואו דו ביסט נאענט —
איז די פרייד פון דער וועלט — — —

# פאַראייביקט

דיין יעדן ריר האָב איך אין מיר באַהאַלטן.
ווי אַ פלאַנץ ציט אַריין אין זיך דאָס ליכט פון דער זון,
אַזוי האָב איך דיך אין זיך אַריינגעצויגן.
פאַרבליבן איז אין מיינע אויגן דאָס ליכט פון דיינע אויגן.
אין מיינע אויערן — דיינע גוטע רייד.
אין מיין הארץ דיין געזאַנג.
און די אייביקע מינוטן,
וואָס דער צופאַל האָט מיר צוגעטיילט מיט דיר.

# דיין נאָמען

איך בין געוועזן אין אַסך לענדער און אַלע זיינען מיר געבליבן קאַלט און ווייט.
האָב געזען אַסך מענטשן און בין געבליבן פאַרפרעמדט און אַליין.
איך האָב געלייענט אַסך ביכער און האָב אין זיי נישט געפונען קיין טיפע טרייסט.
וואָס מיר איז פאַרבליבן אייגן און ליב — איז בלויז דיין ליבער נאָמען — — —

# פאַרשפילט

אַלע טאָג ביסטו אין מיינע געדאַנקען.
אַלע נאַכט אין מיינע חלומות.
וואָס איך זאָל נישט װעלן טאָן מיט מיינע הענט,
שרייבן זיי נאָר תפילות צו דיר.
וואוהין איך זאָל נישט לענקן מיינע פיס,
שפּאַנען זיי צו דיין טיר.
איך האָב דעם קאַמף מיט זיך פאַרלוירן —
דער כשוף פון דיין רשעות
האָט געזיגט איבער מיר — —

# אַקאָרדן

דיינע הענט זיינען געווען מיינע האַרפּן.
דיינע פינגער — צאַרטע סטרונעס.
מיינע פינגער האָבן אַף זיי געשפּילט
דעם סוד פון אַלע סודות — —
מיסטיש שטיל זיינען געווען די טענער . .
און אין דיין שטילן ציטער האָב איך דערהערט
דאָס וואונדער ליד . .
וואָס דיין האַרץ האָט געזונגען צו מיר.

# אַ חלום

אַ פאַרלאָזן הויז האָט געברענט, און איינער אַ מענטש האָט דורך די פלאַמען אויסגעשטרעקט די הענט און געבעטן הילף. נאָר קיינער איז נישט צו הילף געקומען. דאָס פייער האָט אים אַלץ מער אַרומגענומען. געברענט און געבריט זיין יעדן גליד — ביז צוזאַמען מיט די פלאַמען איז ער אויסגעגאַנגען — —

אָבער דאָס איז נישט געווען קיין פאַרלאָזן הויז, קיין הילפלאָזער מענטש. דאָס האָב איך אַליין געברענט — — דאָס האָב איך אויסגעשטרעקט צו דיר מיינע גליענדיקע הענט — — —

# מוזיק

ווען דער קינסטלער שפּילט אַף דער פידל,
וואַכט אויף דאָס האַרץ און דערפילט נאָענט וואָס איז ווייט.
פידל טענער ריידן —
און איך הער דיין שטים — —
טאַנצן די שטאַקאַטאָ קלאַנגען —
און איך פיל דיינע טאַנצענדיקע טריט —
פליען ווייט די פידל טענער —
און איך זע אַ ווייסע טויב פאַר מיינע אויגן:
דיין געזיכט —
פידל געבעט און ביינקשאַפט . .
און דו . .
און טרויער אָן אַ סוף — — — —

## פלאַמען

צו ש׳

I דער זומער האָט אַרומגעהילט איר לייב.
די שיינקייט האָט פאַרדעקט איר זעל —
מיט דער ערינערונג פון איר שיינקייט
איז מיר געבליבן דער טעם פון איר זומערדיקן לייב.

II ווי אַ רויבפויגל בייסט זיך איין אין זיין קרבן,
אַזוי האָט זי זיך איינגעביסן אין מיר —
מיר איז פאַרבליבן דער זיסער ווייטיק
פון אירע ליבע ציין — —

III ווי אַ קאַץ שפּילט זיך מיט איר שאָטן,
אַזוי האָט זי זיך געשפּילט מיט מיר,
פאַר מיר איז דאָס שפּילן געוועזן מער ווי שפּיל,
דערפאַר האָב איך אַלץ פאַרלוירן — —

IV דער וויין פון זינד אַף אירע ליפּן.
דאָס געזאַנג פון אומשולד איז איר שטים.
מיט איר וויין האָט זי מיך פאַרשיכורט.
מיט איר אָנשטעל האָט זי מיך פאַרראַטן.

V ווי עפּל ציטערן אונטער די הענט פון ווינט,
אַזוי האָבן אירע בריסט געציטערט אונטער מיינע פינגער,
איר לייב איז געוועזן קיל — אירע ליפּן היים . .
און איר מויל האָט געשמעקט מיט האָניק — —

VI אַ דיוואַן מיט ווייכע קישנס צו דער וואַנט אויסגעלייגט.
זי, ווי אַ קליינער, ווייסער וואָלקן אויסגעשפּרייט.
איר פינגער אַף מיינע ליפּן ווי אַף אַ האַרף,
און מיין האַרץ וויברירט צום ריטם פון איר האַרץ.

VII שטערן פון אויבן — נאָענטע.
בוימער אַרום אונז — געדיכטע.
הענט ווי צווייגן — פאַרצווייגטע.
פּים אַף פּים — פאַרלייגטע.
אויגן אַף אויגן — ליכטיקע.

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

VIII נאָך יעדער פרייד פליט נאָך די פליכט,
און נאָך די פליכט — דער פיינלאַכער צער
פון פאַרגייענדיק גליק . .
וואָס קען נישט זיין אייביק
און קומט קיינמאָל נישט צוריק.

IX זאָלן קומען ווינטן און פאַרטויבן מיינע רייד,
ווייל איך אָטעם ווערטער פון האַס.
איך שעלט די פרייד, איך האַס די צייט,
זינט איך האָב אין איר די שלאַנג דערקענט.

X זי האָט זינדיק געמאַכט מיינע הענט.
האָט פאַרפלעקט מיין פּנים מיט בלוט.
אַ צייכן פון בלוט אַף מיין פּנים.
אַף מיינע הענט אַ פלעק פון זינד — —

XI דורך איר האָב איך די מאָס פאַר זיך פאַרלוירן.
אַמאָל דאַכט זיך מיר, איך בין שטאַרק ווי אַ יונגער העלד,
און אַמאָל שוואַך ווי אַ קראַנקער בעטלער,
וואָס האָט מער קיין כח די טאָרבע צו טראָגן.

XII סאַד איך דין מאַהאַמוד שאַביסטאַריע זאָגט:
„נעם אַרויס איין אַטאָם פון זיין אָרט,
וועט צעפאַלן די גאַנצע וועלט.‟
און אַז דו האָסט פון מיר אַרויסגענומען
דאָס בעסטע פון האַרץ — ווי קען איך זיין גאַנץ?

XIII מיין ווייַן האָסטו אַף דער גאַס געגאָסן.
דעם טייערן לאָגל האָסטו צעבראָכן,
מיט גיפטיקע אויגן ביסטו אַנטלאָפן
און מיך געלאָזן אַליין מיט דיינע דערנער.
איצט בין איך ניכטער, ווי אַ קראַנקער וואָס ווייסט
ער וועט שוין קיינמאָל געזונט נישט ווערן.

XIV מען טאָר קיינעם נישט שעלטן.
פאַרשאָלטן איז יעדער מענטש מיט טויט.
מען דאַרף זיך לערנען רואיק פאַרשטיין און פאַרגעבן.
נאָר אויב מיין שכל וועט איר פאַרגעבן —
וועט מיין בלוט קאָכן אַ קללה צו איר . .

XV אירע מתנות ? מיינע וואונדן.
בין קראַנק פון זיי . . נאָר דער טויט
וועט אויסהיילן אַלע וואונדן.
אָבער אייביק איז מיין נשמה . .
און אייביק וועלן אירע וואונדן
בלוטן אין מיינע ווערטער — —

XVI דער צער איז גרויס, ווי גרויס
די פריערדיקע פרייד.
האָר פון אַלע וואונדער:
לעש אויס פון מיין זכרון די ווייסע זון פון פרייד,
וועט אפשר פאַרשווינדן דער שאָטן פון צער.

## בלינד

שאָטן מיינער, ווער גרעסער! ווער אַזוי גרויס, ביז דו וועסט דערגרייכן צו איר טיר — אַז דו וועסט קומען צו איר.. שטעל זיך אָפּ — אפשר וועט זי דיך דערזען — צו מיר איז זי בלינד.

## שפּעט אין דער נאַכט

יעדער שמייכל פון א פרוי — א נייער פרילינג.
יעדער קוש — זאַפט פון רייפע עפּל.
יעדער אָנריר — דאָס אויפגיין פון א נייער זון..
נאָר פרויען ווי זונען פאַרגייען — און איך בין אַלץ אַליין.

## אָן דיר

ווען דו ביסט געווען לעבן מיר, איז דער טויט געווען ווייט, האָב נישט געפילט די פאַרצערנדיקע ציין פון דער צייט — — דיין שיינקייט איז געווען מיין אייביקייט..

זינט דו ביסט פון מיר אַוועק, איז דער טויט געוואָרן מיין חבר — ער קומט צו מיר אין הויז באַנאַכט און פאַרקילט מיין געמיט; באַטאָג גייט ער מיר נאָך און ציילט מיינע מידע טריט — —

## גורל

צו ש —

כהאָב דיך געוואָלט האָבן לעבן זיך.. און זיין זיכער מיט דיר ווי דער טויט — — האָב געוואָלט צונעמען דיין האַרץ און דיין אויער פון דער וועלט און אַריינזינגען אין זיי אַלע בייקשאַפטן פון מיינע טעג — — האָב געוואָלט מיין אָטעם זאָל זיך פאַרמישן מיט דיין אָטעם אַף אייביק — — נאָר דו האָסט זיך צעטיילט צו בעטלער.. און געוואָרן איינע פון זיי — — און איך בלאָנקע אָרום אַף דער ערד — א בעטלער צווישן בעטלער — — —

## דער שפּיל מיט אַש

האָסט געצונדן פלאַמען — האָט מיין איך אין זיי געברענט.
האָסט זיי פאַרלאָשן — האָב איך זיי צוריק געצונדן.
מיט אייגענע פלאַמען זיך אויסגעברענט ליכטיקע וואונדן.
שטענדיק האָט זיך מיין ליכט געריסן צו דיר — ווען ס'האָט
דערגרייכט דיין אָטעם — האָסטו עס אויסגעלאָשן . .
האָב איך זיך געוואַרימט באַ מיינע אייגענע פלאַמען —
נאָר איז מיין פייער אויסגעגאַנגען, בין איך געבליבן אַליין
אין דער פינצטער . . און וואָס איך פאַרמאָג איז נישט קיין
פאַרמעגן . . געבליבן זיינען מיר בלויז די שטילע ווערטער . .
וואָס איך שרייב צו מיר וועגן דיר — — —

## מיט בלינדע אויגן

אַזויפיל ליבע וואַלגערט זיך אַף דער וועלט — אַזוי ווייניק לעבן
אויס איר ליכטיקע פרייד . . בייַנקען אַזוי פיל פאַרליבטע, פאַר־
בייַנקטע — זיינען זייערע וועגן פאַרדרייט און צעשיידט — —
פלאָנטערט זיך די ליבע אַ פאַרשעמטע אונטער די פיס פון די
פאַרבלאָנדזשעטע — טרעטן זיי אויף איר בלינדערהייט . .
גייען אויס פאַרליבטע פון בייַנקשאַפט — איז געקרייציקט אַף
די וועגן די פרייד — — —

## פאַרניפּטער וויין

דאָס בעסטע וואָס דאָס האַרץ האָט געהאַט אַף דער ערד —
איז געוועזן דו.
דאָס שענסטע וואָס די קורצע צייט האָט געשאַנקען —
איז געוועזן דו.
דער ערגסטער פּיין פון מיין זיין איז געוועזן דו.
אין דעם וויין פון האַרץ האָסטו אַריינגעטריפט גיפט
אין מיין בלוט האָסטו אויפגעוועקט לייבן און שלייַנג.
פריער דערהויבן צו אַ גאָט — דערנאָך דערנידעריקט צו שטויב.
דאָס האַרץ אויפגערייצט ווי באַ אַ מערדער, וואָס פאַרלירט
דעם זין.
דער פאַרשטאַנד זאָגט מיר: מען טאָר קיין וועזן נישט טויטן —
דאָך וואָלט מיין כעס דיך געקענט פאַרשטיינען ווי אַ גיפטיקע
שלאַנג — — —

## געקרייציקט

אין אנהויב איז זי געווען א נס. אויסגעלייטערט מיין צער. מיין אומרו דערהויבן צו פרייד. דעם שטויב פון דער ערד האט זי באליכטיקט מיט א נייעם זין.

פלוצלונג האט א שווינדל געטאן א בליץ און אלץ איז געווארן פינצטער. אין דער פינצטער האב איך מיט די פינגער אנגערירט דעם גאט פון שטויב. אין איין האנט האט ער געהאלטן א שווערד . .אין דער צווייטער — מיין הארץ. מיט דער שטים פון א בייזן שטורם האט ער געוואויעט:

פון איצט אן וועסטו ווערן מיין שאטן . . וועל דיך טרייבן פון זיך און דו וועסט מיר נאכגיין . . וועל דיך בלינד מאכן און בלינדערהייט וועסטו מיך זוכן — — וואונדן וועל איך דיר אויסקארבן און דו וועסט זיי קושן . .

ער האט צוגעשטעלט זיין שווערד צו מיין הארץ — געטרונקען בלוט און געבליבן ניכטער . . איך בין געווארן שיכור פון מיינע אייגענע וואונדן . . און ווי דער געקרייציקטער האב איך גע־טראכט:

מענטש, פארגיב גאט זיינע זינד, ווייל ער ווייסט נישט וואס ער טוט — —

## היט דיין נשמה פון א פרוי

שטארקער פון אלע ווייַנען איז די שוואכסטע פרוי.
זיסער פון אלע טענער איז די שטים פון א שטילער פרוי.
צארטער פון אלע בלומען־בליטן איז דאס הארץ פון א צארטער פרוי.
נאר גיפטיקער פון אלע שלאנגען איז א פאלשע פרוי.
אלץ וואס שיין — נעם פון א שיינער פרוי . .
נאר דיין נשמה צו קיין איינער נישט געטרוי.
אויב דו ווילסט פאר דער צייט נישט ווערן גרוי . .

# א י ל ו ז י ע

אַמאָל, נאָך לײדיקע רייד מיט פרעמדע מענטשן, קומסטו אין דיין אײנזאַם צימער, פאַרטראַכסטו זיך, דיין אויג ווערט ליכטיק, דו דערזעסט:
י ע ד ן מ ע נ ט ש נ ס ל ע ב ן ה י י נ ג ט ב ל ו י ז אָ ף אַ ח ל ו ם . . מיט אַן א ו י ס ג ע ט ר אַ כ ט ן נ אָ מ ע ן . . ווײל דער חלום אַנטלויפן, העלפט נישט קיין ווענט, פאַרשלאָסענע טירן, — טירן, ווענט און שלעסער ריגלען זיך אויף. דער חלום פליט אַרוים פון זיין שפינוועבס תפיסה. דיין ליידיק האַרץ ווערט אָנגעפילט מיט שרעק, טרויער און בייגק־שאַפט נאָך דעם, וואָס איז געוועזן שיין . . און וועט שוין קיינמאָל מער נישט זיין — — —

* * *

וואָס קען זיין גרעסער ווי די פרייד
פון ליבן אַ צווייטן ?
ווערסטו אָבער נישט געליבט —
בלייבסטו אַ באַזיגטער נאַר . .
און דיין לעבן איז פאַרגיפטט מיט צער.

## ווין, ווייב און גאָט

ווין, ווייב און געזאַנג.
וואָס איז פאַר מיר ווין און געזאַנג ?
קיין ווין פאַרשיכורט נישט מיין פיין,
און קיין ליד דערהויבט נישט מיין געמיט.
פון ווייב און גאָט וויל איך זינגען,
ווייל דער סוד פון לעבן איז דאָס ווייב,
און גאָט איז דער סוד פון טויט . .
און כאָטש איך האָב מיין גאָט שוין לאַנג פאַרשפּאָט
און פון ווייב זיך טיף אַנטוישט —
דאָך הייגגט מיין לעבן, ווי אַן אויסגעצויגענער שטראַל —
וואָס ציטערט צווישן ווייב און גאָט — — —

# מיט זיך אליין

## א י ך

איך בין אַזוי קליין . . דאָך בין איך אַלץ.
די זון מיט איר גאָלד — דאָס בין איך.
איך בין די ענדלאַכקייט און אומענדלאַכקייט צוזאַמען.

איך שפּרייט אויס דעם אוניווערס אַרום זיך.
מיט מיינע אויגן מאַך איך דעם בליץ און
דעם רעגנבויגן. מיט מיינע אויערן מאַך איך

דעם דונער און די שטילקייט פון די הייסע זומער נעכט.
איך בין דער קוואַל פון געפאַר, דער סוד פון צער.
ליכטיק מיט ליבע.

חאַר פון האַס.
הערשער און שקלאַף.
פאַרניכטער און באַשאַף.

ווייל איך,
לאָז איך אייך אַלע הערשן איבער מיר . .
ווייל איך נישט —

באַזיג איך אייך אַלע און זיך . .
איך —
דער איך פון אַלץ.

— 1

האָב אָנגעזאַמלט אוצרות פון דער וועלט און זיי באַגראָבן אין זיך. איז נישטאָ מיט וועמען זיך צעטיילן — טראָג איך די אוצרות אַליין אין זיך .. איז שווער אַליין די לאַסט צו טראָגן. בויגט זיך מיין נשמה אונטער די אוצרות פון דער וועלט.

— 2

ווען אַנדערע האָבן זיך געגערט מיט ליגן, האָב איך זיך געזעטיקט מיט אמת. איז איינגעדאַרט מיין האַרץ געוואָרן פון זינדיקן מיט צופיל אמת .. איז שוואַך געוואָרן מיין גוף פון צופיל הייליקייט .. האָט מיין לעבן זיך פאַרטווישט אַף אַ טויטן ליגן .. זייער ליגן איז געוואָרן רעאַלער לעבן .. פון מיין פאַרלוסט האָבן זיי געוואונען .. דורך זייער געווינס האָב איך אַלץ פאַרשפּילט — —

— 3

פאַרוואָס האָב איך צוליב אַביסל אמת באַדאַרפט זאָגן אַזויפיל ליגן ? און צוליב אַ טראָפּן פרייד דורכשווימען אַ ים פון טרויער? באַשעפער פון אַלע וואונדער ! פאַרוואָס האָסטו מיך נישט צוגעפירט גלייך צו די קוואַלן פון לעבן, ווי אַ קינד צו דער מאַמעס ברוסט ?

— 4

די טויערן פון פריידיקן לעבן האָט דער צופאַל צוגעמאַכט פאַר מיר. זיבן פאַלשע שליסלען האָט דאָס מזל מיר געגעבן צו יעדער טיר. האָב איך געוואָלט באַשאַפן פרייד, איז דערפון געוואָרן שפּאָט .. האָב איך אין דער וויסט געזוכט גאָט — איז מיר אַנטקעגן געקומען אַ שלאַנג .. וואָס איך האָב געטאָן, איז געווען אַ בלינדער טעות .. וואָס איך האָב פאַרפעלט — טוט מיר באַנג — —

— 5

איך האָב חרטה אַף אַלע בייזע רייד און אַף יעדן קריג. ווייל נאָך יעדן זיג קומט די מלחמה מיט זיך אַליין — —
באַ זיך אַליין איז יעדער קריג און זיג שלעכט און אומגערעכט. אויב עמיץ האָט זיך פאַרזינדיקט, דאַרף איך נישט פאַרשוועכן מיין מויל מיט בייזן באַשטראָפן — ווייל זינדיק איז יעדער שטראָף — —

# פאַרבאָרגען

די הייזער און טעמפלען וואו איר קומט זיך פאַרווײלן, זיינען פוסט און וויסט. די בילדער, די דיוואַנען, די ראַדיאָ־מוזיק, גיט נישט קיין פרייד. די וואָס פוצן זיך אין גאָלד און זייד זיינען אייביק נאַקעט — האָבן נישט קיין קלייד פאַר דער זעל.

דער זיסער שמייכל, די שיינע רייד, געזאַנג און טאַנץ, האָבן שוין לאַנג פאַרלוירן זייער רייץ און גלאַנץ. אויך די קונסט בלענדט מער נישט מיטן אַמאָליקן שיין — ספּעלט דער אַמאָליקער גלויבן, דער טיפער מיין — —

דאָך ערגעץ איז פאַרבאָרגן די פרייד פון דער וועלט. זי איז פון יעדן נאַר באַהאַלטן, פון יעדן חכם פאַרשטעלט — —

## אייביקער פייער

מיינע טעג גיב איך אַוועק פאַר זינלאָזער מי. מיינע אָוונטן גיב איך צו מענטשן, וואָס איך זע פון וייטן, מיט פאַרביינקטע אויגן און פיבערדיקע געזיכטער. אין די נעכט, ליגנדיק אַליין אָפן געלעגער, צינדן זיך אין מיר פייערן — וויקלען זיך אַרום מיר פלאַמען־שלאַנגען . . געבוירן פון מיינע באַזיגטע פאַרלאַנגען . . אָן אויפהער ברענען די פייערן — ברענען און ברענען ווי דער דאָרן אין מדבר — און מיין איך ווערט נישט פאַרברענט — —

## די איינגערעדטע

זיי האָבן אַ שיינע גוטע וועלט, וואָס זיי פירן מיט שכל און יושר .. אָבער וואָס איז מיין וועלט ? און וואָס בין איך ? אַ קנויל וואָס האַלט זיך אין איין פאַרפּלאָנטערן. אַ פלאַם וואָס האַלט זיך אין איין אויסלעשן און ווידער אָנצינדן. אַ בוים וואָס צעבערעכט אַליין זיינע צווייגן. אַ טאָג וואָס זוכט דאָס העלסטע ליכט . . און פאַרזינקט אין דער נאַכט. אַ סוד וואָס אַן אַנדערער האָט פאַר טראַכט . . וועמעס איז די אומבאַקאַנטע האַנט, וואָס האָט מיך דאָ אַהערגעפירט ? און ווער איז דער, וואָס דאַרף מיך דאָ האָבן?

## די תפיסה

איך האָב אַסך פרייקייט, דאָך לעב איך אין אַ תפיסה — איך אַליין בין די תפיסה. אַלע נאַכט חלום איך פאַר זיך אויס גייע גראַטעס. אַלע טאָג פאַרשלים איך זיך אַליין מיט אַ נייעם שלאָס. די שליסלען גיב איך איבער אין די הענט פון קאַפּריזנעם צופאַל. ווערט מיר איינג, ווייל איך צעברעכן די גראַטעס . . צעברעך איך זיך אַליין — —

## פ אַ ר ז י נ ל ט

וואָס דו זאָלסט נישט אויפטאָן — וועט אַלץ נישט זיין גוט . .
דער שטאַרקער וועט שטענדיק עסן דיין האַרץ,
און מיט פאַרגעניגן פאַרטרינקען דיין בלוט,
דער שוואַכער וועט אַלעמאָל אין זיין נויט
נאָך הילף, אויסשטרעקן די פאַרשעמטע הענט —
וועט ער ווערן שטאַרק — וועט ער פאַרבייגיין . .
ווי ער וואָלט דיך קיינמאָל נישט געקענט — —
מיט וועמען דו זאָלסט זיך נישט באַהעפטן,
אין דער טיף וועסטו בלייבן איינער אַליין — —
וויפיל סודות דו זאָלסט נישט אַנטפּלעקן —
ד י י ן א מ ת ן א י ך ו ו ע ט ק י י נ ע ר נ י ש ט ד ע ר ג י י ן . .

## מיט מיינע איינענע הענט

איך האָב אַלע געטער צעשטערט און פאַר זיך אַליין באַשאַפן אַ גאָט. ער זאָל זיין שיין: האָב איך אים באַפאַרבט מיט מיין אייגן בלוט. ער זאָל זיין קלוג: האָב איך אים פאַרטרויט מיינע ליכטיקע נאַרישקייטן. ער זאָל זיין שטאַרק: האָב איך אים באַשאָנקען מיט מיינע מענטשלאַכע שוואַכקייטן. ער זאָל זיין הייליק: בין איך צוליב אים באַגאַנגען פיל זינד. טאַנצען האָב איך אים אויסגעלערנט . . ער זאָל קענען לאַכן פון מיר און פון זיך אַליין — — און כדי ער זאָל זיין אייביק — האָב איך צוליב אים פאַרשווענדט מיין לעבן — — —

געפאנגען זיינען מיר אלע
און זיצן אין איינצעלנע צעלן;
מיר קענען ניט אונזערע שכנים,
די אייביקע וועט זיי פארשטעלן.
י. ראלניק.

# אן ענטפער

ניין, מיין פריינט, מיר זיצן נישט אלע אין באזונדערע צעלן, און נישט „יעדער שלאגט זיך דעם קאפ אן דער וואנט פון זיין תפיסה." מיר לעבן אלע אין א גרויסע וואונדערלאכע וועלט. נאר יעדער פון אונז איז צונויפגעדרייט און צוגעשמידט מיט א קייט, צו איינעם, אדער צוויי אדער, דריי, און אפשר מער — און אויב איינעמס לעבן איז גרינג, אדער שווער, ווענדט זיך נאר מיט וועמען דאס מזל האט אים צונויפגעדרייט . . אין דער גרויסער לעבנסקייט — —

# א געזאנג צו דער פינצטערניש

אמאל האב איך געזונגען צו דער ליכטיקייט. זי האט געמאכט יעדע שיינקייט לייכטן אין מיינע אויגן. און איך און דו האבן געשיינט אין דעם שיין פון יעדן ליכט. באלד וועט די האנט פון לעבן אף אונז אויסקריצן די אומפארמיידלאכע צייכנס . . אף אונזערע געזיכטער וועט מען דערקענען די טריט פון דער איילענדיקער צייט. די אלטקייט וועט צעשניידן די שיינקייט פון אונזער יוגנט, און אויסקארבן אף אונזערע געזיכטער קנייטשן פון טויט . . און מיר וועלן פיינט האבן צו קוקן אף זיך אליין — דאמאלט זאל אונז קיין שיין נישט לייכטן.

א געזאנג צו דער פינצטערניש ! . .

# ה י ל פ ל א ז

וואס העלפט דען אז מען זאגט אונז:

מיר זיינען מייסטער פון ריזיקע טורעמס, וואס קיין שטורם קען ניט רירן, אז מיר אליין וייסן — א ליאדע ווינטל קען אונז אף טויט פארקילן.

וואס העלפט דען אז מען זאגט אונז:

מיר זיינען מיטשפילער אין דעם גרויסן וואונדערשפיל פון דער וועלט, אז מיר אליין ווייסן — דורך דעם טויט זיינען מיר פארשפילט . . און באלד וועלן מיר זיין צוריק א שטום שטיק ערד — — —

## אין דער פרעמד

איך בין געקומען צו אייך פון אַן אַנדער לאַנד,
און קראַנק געוואָרן מיט אייערע זינד,
פאַרשעמט געוואָרן מיט אייער שאַנד — —

## ש ט ו י ב

בערג מיט שטויב האָט איר געלייגט אַף מיינע וועגן . . און געוואָלט פאַרבלענדן מיינע אויגן — איך זאָל פאַלן אין אייער שטויב — — אָבער אַלע טאָג קומען נייע ווינטן און בלאָזן אַוועק אייערע שטויבן, און די זון שיינט מיר העל אַקעגן און מאַכט ליכטיק מיינע וועגן — — —

## פ אַ ר ה ו י ל ן

איך האָב זיך אויסגעשמידט אַ מאַסקע,
פאַר שונאים און פאַר גוטע פריינט;
ווייסט קיינער נישט מיין אויסזען —
אַלע זעען בלויז וואָס פון אויבן שיינט.

## ד ו ק א

וואָס איך האָב באמת געוואָלט — האָט מען מיר
קיינמאָל נישט געגעבן;
וואָס איך האָב נישט געוואָלט —
מיט דעם איז פול מיין לעבן — — —

## אינם רינג פון זיך

וואָס טויגן מיר אייערע צוגעזאָגטע גליקן,
אַז זיי שטערן מיר מיין גליק —
איך וואָלט געקענט זיין רואיק מיט זיך אַליין.
לייענען גוטע ביכער.
ריידן מיט גוטע פריינט.
און חלומען פון טוּיט . .
ווען איך זאָל נאָר נישט טראַכטן —
פון פרויען . .
וועגן די קנייטשן אַפן פנים —
און וועלן —
נעפעלן — —

# וואַריאַציעס

## א

די וועלט איז אַזוי גרוים —
אַז פאַר יעדן איז דאָ אַ הויז;
פאַר אונז בלויז איז די וועלט צו קליין . .
וואו מיר זאָלן נישט זיין — —

## ב

ביינקשאַפט פון מיין נשמה,
אומרו פון מיין זינגענדיק בלוט —
אומרו באַשווערט און פאַרצערט . .
טויטע רו איז אויך נישט גוט.

## ג

אוי, דו נאַר אין מיר —
וואָס משפט'סטו אַנדערע ?
ווייסטו נישט אַז דיך אַליין וועט מען
פאַרמשפטן אַף אייביק ?

## ד

אונזער אויסגעלאָשן ליכט קענען מיר נישט אָנצינדן. פאַרשוואונדן אַף אייביק אונזער אויסגעברענטער פלאַם. אַ ים פון אייז איז אויסגעשפרייט צווישן איינעם און אַנדערן. וואַנדערן וועל איך אַליין . . דאָך וועסטו תמיד זיין מיט מיר.

## ה

ווערט אַ מענטש געבוירן מיט גרויסע ליכטיקע אויגן. נעמען די גרויסע אויגן אַריין די גרויסע וועלט . . ווערט די אייגענע וועלט צו איינג, ווייל מען איז אַליין צו קליין — ווערט איינג אין דרויסן . . ווייל די פרעמדע וועלט איז צו גרוים — —

## ו

אין דער אייביקער דעלוזיע האָט ער זיך אינגאַנצן נישט פאַרלוירן. יעדן טאָג גייט אויף אַ נייע זון און אין אים ווערט אַ נייע וועלט געבוירן.

# אין גערענק

זאָלן די קולות פון ווינט ווערן קללות פאַר איר. זיי זאָלן מקוים ווערן ? וואָלט איך דאָס אויך נישט געוואָלט. אין איין רגע קען איך אַלץ פאַרגעבן. אינגאַנצן פאַרגעסן ? זי האָט מיך געפּייניקט צוליב אירע זינד . .

זי האָט געגעבן פרייד . . דערפאַר דעם טעם פון טויט טעג און נעכט. פריער מיין האַרץ געמאַכט פאַר אַ פידל . . דערנאָך פאַר אַ קרייץ . . מיך צום קרייץ צוגעבונדן און אויסגעביסן וואונדן . . דערהויבונג הייסט פאַרגעבן . . נישט יעדן שאָדן קען דאָס האַרץ פאַרשטילן. סבלות ברענט מיטן פייער פון איר רשעות. אין דער זיסער פּרוכט פון מיין לעבן האָט זי זיך איינגעביסן ווי אַ וואָרים און איבערגעלאָזט דעם טעם פון איר סם . . איז אַסך מיין אייגענע שולד ? זיינען די פיילן פון מיינע זינד צוריקגעשפּרונגען צו מיר ? זיינען מיר ביידע בלויז בלינדע מאַריאָנעטן אין דעם שפּיל פון דער וועלט ? און קענען נישט פאַרשטיין איינער דעם אַנדערנס צער ?

נאָך דאָ אַ סך גוטע ביכער צו לייענען . . נאָר מען דאַרף אָנשרייבן אַ ריינמענטשלאַך בוך, מיט פייערדיקע ווערטער, זיי זאָלן אויסברענען דאָס נישט מענטשלאַכע פון דער וועלט. בלייבט דאָס שלעכטע שטענדיק שלעכט ? קען מען גאָרנישט אויסלייטערן אַף דער פאַרדאַרבענער ערד ? ווי קומט איינשטיין זאָל האַלטן פון טויט־שטראָף? דער טויט איז בייז צום גוטן . . און גוט צום שלעכטן . . וועט נאָך קומען אַ געלייטערטער יום הדין צווישן מיר און איר ?

אַפן טיש פון לעבן ליגן רייפע פּרוכטן. די וואָס האָבן לאַנגע הענט כאַפּן . . נאָר די הערצער בלייבן הונגעריק און ליידיק . . וואָס געווען אַמאָל הייליק איז אַוועק. קומט אַ נייער יום טוב אַף דער וועלט? מען דאַרף זיך גרייטן. נאָר דערווייל ווערט אונזער פאַרמעג יעדן טאָג אַלץ קלענער. די צייט עסט אויף אונזער זיין. ווי אַזוי וועט זיין דער שפּעטער ? וואָס וועט געשען ווען איך וועל זיך דערזען ? מיסטעריעזער מזל . . וואָס פאַר אַ געהיימע נעצן וועבסטו פאַר מיר אויף ווייטער ?

אַלץ וועט אויפהערן: קנאה, שנאה, שקר, רכילות; נאָר דער טרויער, וואָס זי האָט מיר געגעבן, וועט פאַרבלייבן אייביק . .

## אין קלעם

די געדיכט באַבלעטערטע בוימער גיבן מיר זומער שטילע רו.
ווינטער פרישט דער פראָסט אויף מיין געמיט פאַר וויין און ליד.
די גוטע פריינט אין שטעט און לענדער גיבן מיר אַ טיפע טרייסט.
פאַרוואָס דען קען איך נישט אַרויסרייסן אירע דערנער פון מיין
האַרץ ?

אין דער טיף איז אַלץ אַ רעטעניש — ווי דאָס לעבן,
ווי דער צופאַל . . ווי דער טויט.

## די אמתע פרייד קומט פון אַ פרוי

ווען איר זאָלט מיר בויען פּאַלאַצן —
ווערט מיר דען זיין גוט ?
איר זאָלט מיר אַלע טאָג שיקן קאַראַוואַנען מיט כבוד —
ווערט מיין האַרץ דען דערפילן פרייד ?
אַז די אמתע פרייד קומט פון אַן אַנדער קוואַל . .
קען מען צו יענעם קוואַל נישט קומען —
האָט מען אומזיסט אַלע פיינען פאַרנומען — —

## אָן אַ קאָמפּאַס

מיינע טריט זיינען
זינדיקע
ז י ג
ז אַ ג ן ,
געפירט פון
אַ זינדיקן גאָט —
וואָס איז בלינד . .
וואוהין וועל איך דערגיין ?
ווייסט קיינער נישט.
נאָר זיי רואיק מיין געמיט.
טויזנט וועגן וואַרטן נאָך
אַף מיינע טריט —
און גוטע צופאַלן . .
ווי געטרייע הינט
גייען שטענדיק מיט מיר מיט — — — —

## דער שלאָם

אַלץ וואָס איך האָב געזען, איז נישט געווען קיין זעאונג. אַלץ וואָס איך האָב געהערט, איז נישט געווען קיין אמת. אמת טראָגט מען אוים אין זיך אַליין, ווי אַ מוטער טראָגט אוים אַ קינד.
אַלץ וואָס איך האָב דורכגעלעבט, איז נישט געווען קיין עכט לעבן. לעבן מיינט: זיין באַהעפט מיט אַלץ וואָס בליט, ווי אַ בליענדיקער בוים איז באַהעפט מיט דער ערד.

וואָס איז לעבן ? וואָס איז טויט ?
גייט נישט לעבן און טויט צוזאַמען, ווי דער דונער מיטן בליץ ?
אָטעמט נישט דער טויט מיטן קאַלטן ווינט פון לעבן ?
עס הייגגט אַ שלאָס אָפן סוד פון דער וועלט . . מיר זוכן אַ שליסל און קענען נישט געפינען. און אַז מיר וועלן געפינען — וועלן מיר אויפשליסן דעם שלאָס און אים קענען איבערשליסן לויט אונזער פלאַן ?

## שווער צו פאַרריכטן

אַלטע שריפטן מיינע . . שווער זיי צו פאַרריכטן. יעדעס וואָרט אַן אַלטע וואונד, וואָס קען זיך נישט פאַרהיילן. יעדע שורה — אַ ודוי פון מיין נישט אויסגעלעבט לעבן . . יעדער געדאַנק — אַ טרייסט פאַר מיינע באַזיגטע פאַרלאַנגען — — און אַלץ וואָס ווערט אין זיי דערציילט, איז אַ מעשה וואָס האָט באַדאַרפט זיין אמת . . און איז נישט געשען — — פון יעדע פילפאַרביקע האָפענונג וואָס איך האָב אויסגעטרוימט, האָט זיך אויסגעלאָזט אַ גרויע אַנטוישונג . . און יעדער סוף איז דאָרט פאַטאַל — אַזוי ווי מיין לעבן — —

## פון שאָטנלאַנד

גייענדיק איבער די פעלדער האָב איך דערזען אַ גרויסן שטיין, ווען איך האָב זיך צו אים דערנענטערט האָט ער אויסגעזען ווי אַ גרויסע מצבה, האָב איך אָף אים אָנגעשריבן:
דאָ ליגט נח שטיינבערג, געבראַכט צו זיין רו אין **1913**.
דער וואָס דרייט זיך דאָ אַרום איז בלויז זיין שאָטן . .

## אַ קול אין דער מדבר

ווער דאַרף מיינע אויסגעביינקטע ווערטער ? די, צו וועמען זיי וועלן דערגרייכן, וועלן זיי אפשר אויפנעמען מיט פאַרלשע שמייכלען און כיטרע רייד . . אויב עס זיינען ערגעץ פאַראַן צאַרטע נשמות, וואָס וואָלטן וועלן מיט פרייד הערן מיינע אויס־געליטענע רייד . . און זיי אויפנעמען ווי לאַנג הערוואַרטע געסט, זיינען זיי פאַרוואָרפן אין אַלע ווינקלען פון דער וועלט . . ווער ווייסט ווי לאַנג סוועט נעמען ביז די צייט וועט ציען אַ בריק צווישן מיר און זיי — —

## דער איינזאַמער רייטער

איך בין דער איינזאַמער רייטער, וואָס רייט פון לאַנד צו לאַנד. מיינע וועגן זיינען קרומע און פאַרדייטע . . מיין וועגווייזער — דער צופאַל . . אַמאָל פירט ער אַף הויכע בערג, אַמאָל אין טיפע טאָלן . . פיל מאָל פאַלן די מידע פערד אַף מיינע קרומע וועגן . . פאַל איך מיט זיי און שעדיק זיך מיט טיפע וואונדן . . קומט אַ שטורם. גיסט אַ רעגן — קיינער קומט מיר נישט אַנטקעגן . . ווי גייסטער גאַלאָפירן אַלע פאַר מיר פאַרביי — — נאָר אַמאָל שיקט מיר צו דער צופאַל פלינקע פערד אויף מיינע פאַרדרייטע וועגן . . זעץ איך זיך אויף און רייט אַלץ ווייטער און ווייטער, צום ווייטן לאַנד . . וואָס איז אַלעמען אומבאַקאַנט — איך — דער איינזאַמער רייטער — —

## א י י נ ז אַ ם

דער ווייסער שוואַן שווימט איינזאַם אַפן וואַסער. די פויגל קוקן אַף. אים אַראָפּ — ווי אַף אַ ווייסן פלעק אַפן בלויען טייך. ער האָט אויך אַמאָל געקענט פליען צום הימל . . איצט בלאָנקעט ער אַרום אין אַ קליינעם טייך — —

דער ווייסער שוואַן בויגט אַראָפּ זיין קאָפּ צום גרונט און שפיגלט זיך אין זיין אייגענער ווייסקייט . . ער חלומט אַ ווייסן חלום אונטער אַ פאַרוואָלקנטן הימל : ערגעץ זיינען דאָ טייכן לויטערער און ריינער . . פון ערגעץ קלינגט אַן עכאָ פון זיין ליד הייליקער און שענער . . נאָר דערווייל שווימט ער איינזאַם אַפן קאַלטן וואַסער — —

# אין קינינדרייך פון קאַרליקעס

## אין דער וועלט פון פאַרקערטע וואונדער

אין אונזער טאָל דאַרף מען נישט קיין שיינע בוימער.
רייסט זיך צום הימל אַרויף אַ בוים —
קומען העקער און האַקן אונטער זיינע וואָרצלען . .

אין אונזער טאָל דאַרף מען נישט קיין זינג־פויגל.
קומט איינער מיט אַ שיין געזאַנג — ווייל מען אים נישט הערן . .
זינגט ער פאָרט — קראַקן די ראָבן און שטערן — —

א מתנה ל. מ. שטיינעז

זיך וואַלגערן ווי אַ בלאַט אין הערבסט באַ אַ פאָלק,
וואָס די פעלקער האַלטן פאַר קיין פאָלק נישט.
דאָך ווילן זיי ווי הונגעריקע לייבן אונז פאַרצוקן
און ווייסן ניט ווי אַזוי . . פאַרשלינגען אונזער שטויב
און שפייען מיט גיפט און פייער.

שאַפן אַף אַ שפראַך פון די, וואָס צערטלען זי אין מויל,
האַלטן זי אויך פאַר קיין שפראַך נישט . .
דאָך לעבן זיי מיט איר — און שטאַרבן מיט איר . .
קרעכצן אויס אַף איר יעדן וויי,
שרייען אויס אַף איר יעדן צער־געשריי . .
נאָר פאַר פרעמדע גרויסע לייט גיבן זיי אַף איר אַ שפיי — — —

ווי צעבראָכענע צווייגן ביינקען צום הימל,
און נישט פילן קיין וואָרצלען אין דער ערד.
חלום'ען דערלייזונג פאַר אַלע מענטשן . .
און אַליין וואַנדערן צו אַלע איינגע ווינקלען פון דער וועלט . .
פון מיר זיין פאַלן ווי טראָפנס רעגן אַף האַרטע שטיינער —
און פאַר דעם אייגענעם געביין אין ערגעץ נישט קיין רו . .

שרייבן שריפט צוזאַמען מיט שרייבער,
וואָס זיינען נישט קיין שרייבער . .
לייענען אין די בלעטער אַלע טאָג ליגנס
פון ליגנער איבער ליגנער . .
וואו יעדער פעדער-פירער שטעלט אַרויס זיין איכל —
וויקלט עס אין געפאַרבטע שאָטנס און שרייט : זעט מיך !
קויפט מיינע שיינע שאָטנס ! מיסטישע שאָטנס !
טייער־ביליק ! ביליק־טייער !
זיי ברענען ווי קאַלטער פייער — —

זעלטן קען איינער אַ צווייטן אַ הייליק וואָרט געטרויען .
נאָך זעלטענער קען אַ מענטש אַ מענטשן פאַרטרויען . .
אַ שונא איז דער ליגנער דעם מענטש פון אמת — —
אַ מענטש פון איין אמת פאַרליידט נישט
אַ מענטשן פון אַ צווייטן אמת . .

און שווינדלער קלאָגן אָן שווינדלער מיט שווינדל — —
און ריכטער וואָס משפטן פאַרברעכער — זיינען אַליין פאַרברעכער .
און דער נביא וואָס שטראָפט אַנדערע — איז אַליין אַ געשראָפטער.
און דער וואָס פייניקט אַנדערע — איז אַליין אַ געפייניקטער.
און דער וואָס באַליידיקט אַנדערע — אַליין אַ באַליידיקטער.

וואו שאַפן מיינט נישט צו זיין קיין שעפער . .
און פירן מיינט צו זיין געפירט פון אַנדערע . .
וואו ריידן צו אַלעמען — מיינט ריידן צו דער וואַנט — —
דערהערט דיך אַמאָל איינער,
מאַכט ער דיך צו שאַנד און שפאָט.

וואו אַלע רייסן זיך צו שיינקייט
און קענען שענער ניט ווערן . .
וואו אַלע נאַרן זיך מיט גרויסקייט, קליינלאַך
און קענען גרויס נישט ווערן . .
איבערמענטשן צווינגט מען צו ווערן לאַקייען —
אונטערמענטשן זיינען פירער פון די מאַסן.
הערלאָאישע עפּאָפּייען זינגט מען צו קאַרליקעס אין די גאַסן . .

וואו הייליקייט גייט אונטער און סקימערט נישט דער אונטערגאַנג . .
וואו געטער ווערן מייז — און פילן נישט דעם איבערגאַנג — —
וואו קינסטלער ווייזן זייער קונסט מיט ליגן און שרייען:
אַז מיט זייערע קונצן דינען זיי דעם אמת — —
וואו פּאָעטן ווערן בעטלער . . און שנאָרער פּאַראַדירן פאַר באַנקירן.
וואו גראַמען פאַבריקאַנטן פאַבריצירן גראַמען מיט גלעקלאַך —
און אַליין גראַמען זיי זיך נישט צו קיין מענטשן — —

וואו מען לערנט: דו טאָרסט נישט שווינדלען —
נאָר דיך באַשווינדלט מען מיטן לעבן . .
דו טאָרסט קיינעם נישט באַליידיקן — נאָר דיך באַליידיקן מעגן אַלע.
מען טאָר קיינעם נישט פאַרראַטן —
נאָר אַלע מעגן זיין פאַררעטעריש צו דיר . .
דו טאָרסט אַף קיינעם נישט הויבן קיין האַנט —
נאָר דיך צודריקן מעגן אַלע — —

וואו פירער מאַכן אַן אָנשטעל: אַז וויכטיק זיינען די געפירטע —
און דערפירן . . וואו עס לויפט זך פאַר די פירער — —
וואו פאַרפירטע זיינען די וועגן־ווייזער,
און כיטרע היפּאָקריטלאַך שפּילן פאַר דערלייזער.

וואו אַלע מאָנען אויסגעהאַלטנקייט בא אַנדערע —
און קענען אַליין נישט אויסהאַלטן קיין איידעלע רגע . .
אַלע פיינקייטן מאָנט מען פון צווייטן —
אַליין איז מען הפקר, ווי הייעשעריקן אין הונגער — —

וואו איין מענטש וול טאָן פאַר אַ צווייטן,
ווי אַ פויגל־כאַפּער פאַר אַ זינג־פויגל:
אים פאַרקויפן אין אַ שטייג, צו זינגען אַ פאַרשפּאַרטער,
פאַר זשאַרנעס מיט וואַסער . .

— — — — — — — — — — — — — — —

און איז געשען: פון גייסט איז געוואָרן אַש —
האָט זיך איבער דער וועלט צעשפּרייט אַ האַס . .
און די וואָס האָבן א י י ן א מ ת זאָגן צוליב אים טויזנט ליגנס.
און די וואָס זאָגן צו פרייד און פרידן האַלטן זיך אין איין קריגן.

נאָר קיינער קען דעם וואונדער נישט באַווייזן,
זיך אַליין באַזונדער צו דערלייזן.

דער נביא וואָס האָט זיך דערקלערט
צו דערלייזן די וועלט מיט אַ שווערד —
האָט נישט קיין וואָרע ליבע צו דער וועלט . .
בלויז זיין האַס שרייט און שעלט — —

נאָר נישטאָ באַ װעמען קיין חשבון צו מאָנען.
װער איז דער גוטער ? װער איז דער שלעכטער ?
אַז אַלע זיינען בלינד־בייז — און בלינד־גוט.
און דער שולדיקער איז אויך דער גערעכטער — —

דאָס לעבן איז פון קיינעם נישט געפירט.
די װעלט האָט נישט קיין טאַטע־מאַמען . .
װי אַ לאָמער הינקט דער שכל אַף קוליעס —
און יעדן פאַרמיידלאַכן אומגליק ברענגען אַלע צוזאַמען — —

באַשערט אַלץ צו זיין געבונדן:
דער איבערהערשער שכל איז פאַרשקלאַפט צום בלינדן װילן . .
דער װילן — אַ קנעכט באַם זיין . .
װאָס גריזשעט װי אַ הונט אין הונגער יעדן ביין — —

דער געװיסן האָט באַדאַרפט צו זיין
דער סוד פון אַלעם גוט און שיין.
נאָר װער קען דעם סוד באַגרייפן ?
אַז אָפט פאַרראַט דער געװיסן זיך אַליין — —

מיט דיין גאַנצער חכמה מענטש, װאָס ביזטו ?
מער װי אַן אַמביציעזע זשאַבע . .
װאָס שפרינגט פון אָרט צו אָרט און בלייבט פאָרט
אין דער אייגענער בלאָטע — —

װאָס העלפט דעם חכם װאָס פאַרשטייט דעם צער ?
װערט ער דען באַלוינט דערפאַר ?
ער װאַרפט זיך מיט װיי פון זייט אַף זייט
און װערט פון אים קיינמאָל נישט באַפרייט — —

ווערט מען שרייען — ווער וועט הערן ? ווער קען העלפן ?
אַז אַלע מוזן מורא'דיק אונטערגיין . .
און יעדער איז אַ רעטעניש
וואָס קען זיך אַליין נישט באַגרייפן —
בלויז אַ שטיין אָף וואָס די טעמפּע וועלט האַלט זיך אין איין שלייפן.
און איך — וואָס טו איך דאָ ?

פּלאָנטער זיך אַ פאַרלוירענער צווישן פאַרלוירענע . .
גיי ליידיק צווישן ליידיקע —
לאָז זיך פאַנגען ווי אַ פיש אין נעץ פון אומזין . .
און לעש זיך מיט צישנדיקע געשרייען,
ווי פייערדיקע קוילן, ווען מען טונקט אין וואַסער — —

וואָס איז דאָס אַלץ ? איך בין אַ טייל פון אַלץ .
לייקן פלינקע ליגנס מיט די ליגנער . .
פאַרברעך מיט די אומשולדיקע פאַרברעכער —
און משפּט פאַלש מיט פאַלשע ריכטער — —

דאָך עמיצער אין מיר לאָזט נישט רוען . .
בין ווי אַ זיפּ פון זייד,
וואָס דאָס לעבן האָט פיל מאָל דורכגעשאָסן . .
יעדער שאָס האָט געלאָזט אַ וואונד —
דורך מיינע וואונדן זיפּן זיך דורך די ליידן פון דער וועלט — —

און אונטער אַלץ שטייט לילית — בלענדט מיט זון און רויזן . .
מישט גיפט מיט בלוט און נאַרט און רייצט . .
ביז דאָס הייליקע ווערט מיט זינד פאַרפלייצט — —

און איבער אַלעמען הייבט די האַנט פון טויט,
ווי דאַמאָקלעס שווערד וואָס וועט מיט דער אייביקער שאַרף
אונז צעשניידן אָף שטיקער ערד — —

די אויגן וואָס זעען מיט טויזנט זונען — וועלן פינצטער ווערן .
דאָס האַרץ וואָס פילט מיט אַלע הערצער — וועט אויפהערן פילן.
דאָס בלוט וואָס שפּילט מיט פיל רעגנבויגנס — וועט אויפהערן שפּילן.

דאָך, ווער ווייסט, וויפיל שלעכטס אויף דער וועלט
וואָלט זיך אָנגעקליבן, ווען אַלע וואָלטן אייביק
לעבנדיק פאַרבליבן.

אפשר טראָגט דער טויט אַ טיפע טרייסט ? זיין שווערד
פון פייער, וואָס ברייננגט אונז פיין, פאַרברענט אויך אַלץ,
וואָס פויל און געמיין.

נאָר נישט דאָס לעבן, נישט דער טויט, מאַכט אין האַרץ
פון דער וועלט אַ וואונד, ווי פייער רויט; נאָר מענטשן . .
וואָס זיינען ווי שלאַנגען איינער צום צווייטן . . און קריכן זיך
אין האַרץ אַריין . . און נאָגן, ווי אַ בין נאָגט דעם זאַפט פון אַ רויז,
דאָס מאַכט די וועלט פאַר אַ משוגעים־הויז.

נאָר וואו נעמט מען די וואונדער מעדיצין,
צו טויטן אין מענטשן די קלוגע שלאַנג ?
זיין חבר־מענטש צו פאַרגיפטן . . זאָל נישט זיין זיין פאַרלאַנג.

און איך וואָס וויל ? בלויז פון זיך אָפּמעקן
די וועלטס מיאוסע פלעקן און איבערלאָזן וויל איך אַ זון . .
שטאַרק ווי הערקולעס, וואָס זאָל אויסרייניקן דעם אומזין פון די צייטן.
מען זאָל וויסן:
מען קען מיט בייזן קיין וואונדער נישט באַווייזן.
אפילו צום אַנדערנס אומרעכט . . דאַרף מען זיין גערעכט.
און שטענדיק זיך לערנען טיף פאַרשטיין דעם צווייטן . .

— — — — — — — — — — — — —

פאַר זיך אַליין וויל איך שוין גאָרנישט . .

בין אַ פרוכט וואָס איז אָפּן בוים פון לעבן רייף געוואָרן

און וויל פאַלן צו דער ערד — — —

# בעריש קצב

## א.

אין קיין פּאַלאַץ וואוינט נישט בעריש קצב. ער פירט נישט קיין הויף. זיין הויז האָט נישט קיין גאָרן און קיין גאַניק. ער וואוינט ווי אַלע אידן אין שטעטל: אין אַ קליין איינגעהויקערט הויז.

אַרום זיינע פענצטער וואקסן נישט קיין בלומען. מיט קיין שטאַכעטן איז באַ אים נישט פאַרצאַמט. נישט ווייט פון הויז איז די אַלטע יאַטקע, נאָך דער יאַטקע גלאַנצט דער אייביק יונ־גער טייך.

בעריש האָט אַן אייגן שטיבל. דאַוונט מען באַ אים אַלע שבת. נאָכן דאַוונען טיילט מען לעקאַך און בראַנפן, טרינקען אידן לחיים און זאָגן זיך: גוט שבת.

בענטשט מען ראש חודש, מאַכט בעריש אַ סעודה, קרישלען זיך אין מויל די געשמאַקע קיכלאַך, דערנאָך עסט מען די געשמאַקע פיש. נאָך די פיש נעמט מען אַ טרער בראַנפן.

די געבראָטענע קאַרטאָפל פון טשאָלנט, לייכטן אָפן טיש ווי גרויסע בורשטינען. מען זופּט די יויך, וואָס בלישטשעט מיט קיילאַכדיקע אויגן. מען איז פאַרטיפט אין יויך און אין תורה.

ווען עס קומט צו די געפילטע מעגעלאַך, ווערט דער אַפּעטיט צערייצט. אויגן גלאָצן צום גרויסן טעלער אינמיטן טיש. מעסער און גאָפל קלינגען, ליפּן גלאַנצן, אידן זינגען זמירות.

נאָך די זמירות זאָגט מען תורה. מען שטעלט גרויסע קשיות מיט די פינגער אין דער לופטן. נאָך דער תורה קומט דער פעטער לאָקשן־קוגל, וואָס ווייגט מיט שמאַלץ און בעט זיך: אידן כאַפּט.

קענען זיך הענט מער נישט איינהאַלטן. ציען זיך לאַנגע פינגער. ציען זיך נאָך דאַרע העלזער. ווער ס׳קען כאַפּט אַ גרעסער שטיק. אין אַ רגע איז דער טעלער ליידיק. די פּנימער גלאַנצן פון שוויים און פעטס, ווי די אַטלעסענע קאַפּאָטעס.

מען זינגט שוין שטייענדיק. וואָס אַמאָל מיט מער היץ. און גיך ווי אַ בליץ גייט מען איבער אין אַ טאַנץ. בעריש זינגט און טאַנצט מיט אַלעמען אין אַ ראָד.

ב.

בעריש קצב גייט שפּאַצירן. זיין געשטאַלט שטייף און שטאַרק: אַ געזונטער, גייענדיקער דעמב. זיין שבתדיקע באָרד גייט פאָראויס. ער מעסט די טריט אויף דער לאַנקע און היט זיך נישט צו טרעטן אַף קיין ווערימל.

דער טאַטע שפּאַצירט נעבן אים און וואונדערט זיך איבער גאָטס וואונדער און זאָגט תורה. די פייגל מישן זיך אַריין מיט געזאַנג. בעריש הערט זיך איין צו געזאַנג און תורה. שלינגט מיט די אויערן און מיט די אויגן די נסים פון דער וועלט און שווייגט.

מיט באָרוויסע פיס אויף די גראָזן, בלאַנקעט נאָך זיי אַ חדר־אינגל און טראַכט: ווען ער וועט זיין גרויס, וועט ער אויך ווי בעריש, בויען אַ שול צו דאַוונען און זאָגן תורה.

בעריש איז לויטער גלויבן. גלויבט נישט אין רעדן. טוט גוטעס אָן גוטע רייד . . רעדט בלויז מיט די אויגן . . האָט ליב רואיק אויסצוהערן די קלוגע עצות פון אַנדערע און אַליין טאָן ווי זיין האַרץ פאַרשטייט.

באַם שלש סעודות ציען זיינע לאַנגע פינגער זיין רויטע באָרד, ווילן פון איר אַרויסציען דעם תוך פון זיין גלויבן. בעריש רעדט געוואויגן, ווי מען וועגט אַן אוצר געזאַמלט פון יאָרן. זאָגט ווי צו זיך אַליין: אַ מענטש איז גאָרנישט . . טראַכט אַ ווייל און זאָגט ווייטער: מעשים — מעשים זענען אַלץ . .

דער טאַטע ענטפערט אים מיט אַ פסוק: גדול המעשה יותר מן העושה. אָבער בעריש איז נישט צופרידן: תורה דאַרף פירן צום טוען . . זיינע פינגער פאַרשליסן זיך אין אַ פויסט באַם שפּיץ באָרד. ער פאַרטראַכט זיך און נעמט ווידער שטאַרק שווייגן.

## ג.

נישט אין אַלעס גייט אַנגעטאָן בעריש קצב. ער טראָגט אַ וואַכעדיקע מינאַרקע, וואָס גלאַנצט מיטן פעטס פון בהמות. אַ גאַנצע וואָך שטייט ער אין יאַטקע. זיין פנים מיט שאַרפע באַקנביינער, איז פאַרפלאַמט, זיין פייערדיקע באָרד איז רויט, ווי דאָס צעהאַקטע פלייש אויפן קלאָץ.

ער טיילט פלייש צו די ווייבער און גיט אַמאָל אַ פאַלשע וואָג . . און היט זיך, אַז קיינער אין שטעטל זאָל זיך חלילה דערפון נישט דערוויסן. משה ליאַמפּ האָט אַכט קינדער, קומט זיין אידענע קויפן צוויי פונט פלייש. גיט איר בעריש פיר פונט . . און נעמט בלויז באַצאָלט פאַר צוויי.

לייזער וואַסער־טרעגער פאַרדינט קוים אויף ברויט מיט קנאָבל. רייסן די קליינוואַרג שטיקער פון דער מאַמען. גיט זי די קינדער צו עסן קללות. שטייט בעריש אויף איידער ס'גייט אויף די זון. לייגט אַוועק אַף דער שוועל עטלאַכע פונט פלייש און פאַרשווינדט שטיל אין שטילן פרימאָרגן.

בעריש גייט אויפן יאַריד. זעט ווי אידן האַנדלען מיט גוים. אַן אָרימע אידענע דינגט זיך מיט אַ פויער. זאָגט בעריש צום פויער: וואַויטיק, פאָר מיט מיר. ווערט די אידענע מבולבל:

בעריש זאָל איר אויסדינגען אַ פור האָלץ ? זי גייט אַהיים פאַרקלעמט . דער ווינט שטעלט איר באַנקעס אין פלייצע. זי זאָרגט זיך: מיט וואָס וועט זי איינהייצן און פאַרטרייבן דעם פראָסט ? נאָר זע, זי גלויבט נישט אירע אויגן: בעריש העלפט דעם פויער אָראָפּלייגן די פור האָלץ פאַר איר טיר.

האָט מען אַ אידן איינגעזעצט אין תפיסה, קען בעריש מער נישט רוען. ער זאָגט קיינעם גאָרנישט. זיין פנים ווערט שטרייג מיט גוטסקייט. ער גייט צום ריכטער. קיינער ווייסט נישט וואָס זיי האָבן צווישן זיך גערעדט. בערישעס אויגן שווייגן מיט סודות . . שבת דאַוונט שוין בערל פּאַניץ בא בערישן אין שטיבל.

דאַרף מען פאַרן הקדש, קומט מען אין יאַטקע. בעריש שטייט פאַרשוויצט מיט האַק אין האַנט. לייגט ער אַוועק די האַק, נעמט אָן אַ זשמעניע מיט געלט און גיט נישט געציילטערהייט.

איז עמיצער אין שטעטל קראַנק, גייט בעריש מבקר־חולה־זיין. דערזעט דער קראַנקער דעם קצב׳ס פייערדיק פּנים, ווערט ווי דורך אַ נס אים בעסער. בעריש איז דער טאַטע פון שטעטל און ער אַליין הויבט דערפון נישט אָן צו וויסן . .

ד.

האָבן אידן לאַנג געלעבט מיט נסים. געהאָפט אויף משיחס צייטן. זיך פאַרלאָזט אויף גאָט . . און אַליין אַלץ געטאָן צו דערהאַלטן דאָס לעבן.

איז אָנגעקומען אַ מגפה. די פּירות אויף די בוימער זענען געוואָרן באַדעקט מיט שוואַרצע פלעקן, האָט מען זיי פאַרווערט צו עסן. זענען באַ די גוים געפאַלן די בהמות, האָט מען זיי פאַרשאָטן מיט קאַלך און צוגעדעקט מיט ערד. דערנאָך זענען אומגעקומען מענטשן, האָט מען זיי באַוויינט און באַגראָבן.

איז אַ שרעק באַפאַלן דאָס שטעטל, זענען די קינדער נישט געגאַנגען אין חדר. ליידיק איז געוואָרן דער בית־המדרש און פול דער בית־עולם. האָט מען אָפן הייליקן אָרט געשטעלט אַ חופּה, חתונה געמאַכט אַ הויקער מיט אַ בלינעדער, געריסן קברים, געבעטן פאַר די לעבעדיקע באַ די טויטע — נאָר סהאָט נישט געהאָלפן.

איז געוואָרן שאַרפער בערישעס שווייגן און טרויעריקער — זיינע אויגן. מיט אַ פלאַש שפּירט געגאַנגען פון הויז צו הויז, צו ראַטעווען די חולאים. געריבן מיט הייליקן כח די האַלבע מתים. טייל האָט ער צוריקגעבראַכט צום לעבן, אַנדערע זענען אונטער זיינע מידע הענט אויסגעגאַנגען.

האָט בעריש זיך געווענדט צו זיינע פּועלים: יאַשעק, מאַטשעק, גיכער שפּאַנט די וועגענער! פירט די אידן אין וואַלד אַריין! קיין איינער זאָל דאָ נישט אויסנבלייבן! . .

די פעלדער און וועלדער אַרום שטעטל זענען געווען זיינע. אַ גביר איז געווען בעריש און אַליין נישט געוואוסט וויפיל ס׳איז זיין פאַרמעגן. האָט מען אין וואַלד אויפגעשטעלט בודקעס, ווי נעסטן. די ערד מיט פרישן היי אויסגעבעט. ליגן אַלע איינגעקנוילט אין שמעקנדיקן היי און הערן ווי פון הימל ליאַפּעט אַ רעגן.

שניידן זיך שפּיזן־בליצן דורך דער נאַכט. אויף אַ רגע ווערט ליכטיק די וועלט. קנאַלן דונערן, שפּאַלט זיך די ערד און וויל אַלעמען איינשלינגען. גראָבט מען זיך פאַר מורא טיפער אין היי. ווערט פון שרעק דער גלויבן אין האַרצן שטאַרקער: ס׳איז דאָ אין דער וועלט אַ טאַטע, וואָס היט זיינע קינדער . . פון זיך אַליין מורמלען די ליפּן אַ שטילע תפילה.

אין דער פרי האָט די זון זיך צעשטראַלט ווי אַ יונגע מאַמע. מיט איר ליכטיק פּנים געלאַכט צו איר קינד — די ערד. זיך געטוליעט צו יעדן ביימל, זיך באַהעפט מיט יעדן גרעזל. מיט אירע פינגער געצערטלט יעדעס צווייגל, מיטן פייער פון איר ברוסט געוואַרעמט יעדעס ווערימל.

די פּויערים זענען געקומען מיט באַלאָדענע וועגן. געבראַכט פאַר אַלע אידן אין וואַלד צו עסן און טרינקען. בעריש האָט געהייסן טיילן אַלעמען צו זאַט. האָבן די פּוערים געטיילט ברויט מיט מילך און ציבעלעס מיט קאַרטאָפל.

ה.

אַ פרישער, גרינער פרייטיק פאַרנאַכט צווישן בוימער און גראָזן. די בוימער זענען אויסגעפּוצט אין גרין און שמעקן מיט ערב שבת. די מאַמעס שיטן זאַמד אויף די שטאָמען פון די אָפּגעזעגטע בוימער, שטעלן אַריין ליכט אין די לייכטער, וואָס זיי מאַכן אין זאַמד מיט די פינגער, און זיי בענטשן ליכט אין דעם פאַרנאַכטיקן וואַלד.

דער וואַלד ווערט ליכטיק פון די געבענטשטע ליכט. די ליכט רייסן זיך דורך צווישן די צווייגן. די נאַכט ווערט באַליכטיקט ווי דער טאָג. דער הימל בליט און בלויט מיט שבת. דער גאַנצער וואַלד איז פאַרחלומט מיטן חלום: שבת.

אידן דאַוונען אונטערן פרייען הימל. דער וואַלד און דער ווינט דאַוונען מיט. זינגט מען „לכה דודי", קלינגט נאָך דער עכאָ אין וואַלד מיט געזאַנג. דער וואַלד וויגט זיך. די אידן וויגן זיך ווי די ביימער. די שטערן ווינקען פון הימל. די ליכט לייכטן אַרויף צו די שטערן. אידן, ביימער, ליכט און הימל ווערן איינס אין ליכטיקן שבת. די וועלט ווערט איינס און אייניק. אַלע אויגן זעען די ליכטיקייט פון שבת. אַלע פילן די הייליקייט פון שבת. אַלע פרייען זיך מיט דער פרייד פון שבת.

בעריש ווייזט זיך נישט אין וואַלד. ער האָט צוגעשיקט ווייַן צו מאַכן קידוש. ער אַליין שטייט אונטער אַ בוים און דאַוונט מעריב. אפילו שבת וויל ער זיך פאַר קיינעם נישט ווייזן. דאָך זעט אים אַ קינד צווישן די געבענשטע ליכט . .

ווען אַלע זענען געזונט און פריש צוריקגעקומען אין שטעטל, האָט בעריש זיך געהיט פאַר מענטשן. מורא געהאַט פאַר שכר אפילו מיט בלויזע בליקן. באַם דאַוונען געשטאַנען אין אַ ווינקל, דעם קאָפּ איינגעהילט אין טלית, מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, ווי ער וואָלט באַגאַנגען אַ גרויסן חטא . . מיט ראַטעווען אַ גאַנץ שטעטל אידן דאָס לעבן.

געלעבט האָט בעריש אַ סך יאָרן. זעלטן ווען נישט געזונט געווען. נאָר איינמאָל, נאָך אַ לאַנגן שפּאַציר, האָט ער דערפילט אַ מידקייט און זיך צוגעשפּאַרט. און האָט געבעטן מ'זאָל שיקן נאָכן רב. נאָר איידער נאָך דער רב איז צו אים געקומען, איז שוין בעריש געווען שטיל און רואיק אויף אייביק.

# אינהאַלט

# אַנדערע ביכער

## פון נח שטיינבערג



